# אין פײַער־וואָגן

פון

א. סוצקעווער

גאָלדענע
קייט

תל־אביב, 1952

*

ווען כ'וואָלט ניט זײַן מיט דיר בײַנאַנד,
ניט אָטעמען דאָס גליק און ווײ דאָ, —
ווען כ'וואָלט ניט ברענען מיטן לאַנד,
וואולקאַניש לאַנד אין חבלי־לידה;
ווען כ'וואָלט אַצינד, נאָך מײַן עקדה,
ניט מיטגעבוירן מיטן לאַנד,
ווו יעדער שטיינדל איז מײַן זיידע —
געזעטיקט וואָלט מיך ניט דאָס ברויט,
דאָס וואַסער ניט געשטילט מײַן גומען.
ביז אויסגעגאַנגען כ'וואָלט פאַרגוי'ט,
און בלויז מײַן בענקשאַפט וואָלט געקומען...

1947

*

ביסט געקומען אַ נאַקעטער,
אין גאַנצן אין פֿײַער.

דײַנע בגדים —
פֿון מאַמישע פֿינגער גענאָדלט,
ווי שפּילנדיק פּיאַנאָ אויף סאַמעט און זײַדנס —
פֿאַרסמאַליעטע זענען געפֿאַלן אין שאָטן.
די נאָדלען, די נאָדלען —
זיי האָסטו פֿאַרהיט.

ביסט געקומען אַ נאַקעטער.
ס׳איז דײַן אַליינקייט
כּולל די גאַנצקייט פֿון כּמה וכמה.
אין איין אויג — אַ וואָלף,
אינעם צווייטן — דײַן מאַמע.
ווער זיי שוין ביידן
ניט קאָנען צעשיידן.

ווער קאָן באַקליידן
דײַן גוואַלדיקע הוילקייט?
אַפֿילו ווען ס׳וואָלט דיך באַגעגנט ישעיה —
ער וואָלט מיט אַראָפּגעלאָזט בלײַענע ווִיעס
און ליפּן פֿאַרשעמטע
געבראַכט זײַן נביאות.
טאָ מאָן ניט קיין טרייסטונג
בײַם אייגענעם ברודער.

צווישן אײַךביידן ליגט אַ וואַרשעווער אויפשטאַנד,
ווי אַן אייביקער פלאַמען-סמבטיון,
וואָס שלײַדערט
מיט ייִדישן גורל
אַפילו אום שבת.

ווי קאָנען די מענטשן פון דאַנען דיר גלייבן,
אַז דו האָסט אין וואַרשע
פאַרטיידיקט דעם קאַסטעל?
אַז דו האָסט אין טויטן-מדינה געפורעמט
די לעבעדיק-היימישע
יונגע מדינה?

נאָר גלייבן דיר וועט דער וואָלקאַנישער האַרצקלאַפּ
פון לאַנד,
יענער האַרצקלאַפּ, וואָס דו האָסט דערהערט
ווען דײַן האַרץ האָט אויפגעהערט קלאַפּן אַ ווײַלע.
און אַז צונייגן וועסטו דײַן אויער צו דעם,
אַזוי ווי אַ זעגל צום סוד פון די אינדן —
וועט אויפגיין אַ קול,
ווי דאָס קול פון אַ פּסוק אַ טײַטש-חומש-לינדן:
— ביסט מײַנער,
געבענטשט זאָלסטו זײַן מיט דײַן קומען.
ס'איז מײַנע שאָף — דײַנע,
ס'איז מײַן גאָרטן — דײַן גאָרטן,
מיט אַזאַ מין אַכזריות ווי דו האָסט געשאָסן פון ביקס,
מיט דער זעלביקער צערטלעכקייט פלאַנץ דאָ דײַן ווײַנגאָרטן.

1948

*

פאַרגאַנגען איז אַ ייִדנוועלט מיט מתמיד און מיט מאַניש,
מיט כּלה־ייִדיש אויסגעפּוצט אין פאָלקסלידער באַהאַרצטע.
אַ ייִדנוועלט איז אויסגעגאַנגען אימהדיק־האַרמאָניש,
באַגלייט פון שפּילנדיקע פידלען — קינדערלעך די צאַרטסטע.

נאָר ווען דאָס לעצטע פאָלקסליד האָט געצאַפּלט אויף אַ תּליה,
און מיט אַ גרינעם איילבערטבלאַט קיין טויב איז ניט געקומען;
ווען טויט־לבנה האָט פאַרבייַטן שוין געוואָלט די שקיעה —
אַ רים געטאָן האָט זיך פון מויל דעם אויסגעקרימטן, שטומען,

אַ גאָלדענע נשמה, איז געפלויגן איבער ימען,
און אויפגעלעבט אָט דאָ, אין לאַנד פון חלום, יענע אַלע,
וואָס האָבן אויסגעצאַנקט אין אַשן מיט דער פאָן צוזאַמען,
און ווידער איז די ייִדנוועלט געוואָרן מיר נתגלה.

נביאים גיבן זיך די הענט מיט שפּאַנענדיקע עולים,
ווי קאָנען זין פון אייביקייטן אייַנליגן דערנעבן?
עס נידערן פון הימל מתים... און ס'באַגלייט דעם עולם —
אַ וואָלקנזייַל פון אומקום און אַ פלאַמענזייַל פון לעבן.

1948

כ׳האָב געלייענט אין אַן אַלטן ספר: ווען עס וועט
קומען די גאולה, — אין די זעלביקע סעקונדן
וועלן זיך אַנטבלויזן אין די יום-טובדיקע שטעט
פֿאַרן אויסגעלייזטן מענטשן אַלע זײַנע ווונדן.
קוים איז ער געשמידט געווען אין קייטן יאָרן-לאַנג —
האָבן זיי פֿאַרשטעלט די ווונדן.
איז די קייט פֿאַרשוווּנדן —
וועט זיך די פֿאַרהוילנקייט אַנטפּלעקן ווי אַ שלאַנג
און אַ שפּיל טאָן אימהדיק וועט אַ קאַפּעליע ווונדן.

קענטיק די גאולה ע ק ס י ס ט י ר ט שוין, — ווען דו שטייסט
אויף אַ באַרג, צי קאָנסטו מעסטן, זען אים?
קענטיק אַז אין ד ע ם באַשטייט די נאָגנדיקע טרייסט,
וואָס די ווונדן, — שטיפֿקינדער פֿון גיהנום,
האָבן זיך צעעפֿנט מיט אַ שפּיגלענדיקן ווײ
סײַ אין גוף און סײַ אַ פּיצל ווײַטער.
קענטיק די גאולה איז דערווײַלע ניט פֿאַר זיי,
דו אַליין מוזסט אויסטיגלען דײַן איך אין זייער שײַטער.

מיטווילדן מאָן באַוואַקסן לעבסטו, זעערין פון גײַסטער!
לבנה־בליק באַווײַזט מיר ווו דײַן שאָטן זיך באַהאַלט.
באַקומסט אַ פײַנעם האַלדזבאַנד גאָלד־געקײטלט פון אַ מײַסטער —
אַנטפּלעק דעם קיניג שאול, זײַן פאַרנעפּלטע געשטאַלט.

אַ קאָפּ פון רויטן מאָן דערשרעקט די שטילקייט. און די פּאַלמעס
מיט שפּיציקן געצווײַג זיי שפּינען שאָטנס פון דער נאַכט.
אַ פעלדז מיט שלאָפנדיקע אָדלערס טוט זיך אַ צעפּאַלמעס,
און שאול קומט צו רײַטן, צווישן פליגלען, אין זײַן טראַכט.

זײַ מוחל, קיניג, וואָס אין יִיאוש כ׳האָב דערמאָנט דײַן נאָמען,
דײַן בייזער גײַסט געוועלטיקט אין מײַן חלום, אין מײַן וואָר.
מיט דיר צוזאַמען וויקל איך אַליין זיך אויס פון תהומען,
און עמעץ האָט געזאַלבט מיט גאַל פון זיידעס — מײַנע האָר.

באַפאַלן איז אַ היישעריק מײַן היים און זי צעפּרעסן,
אַ האַמער האָט צעקלאַפּט ווי גלאָז די זײַלן פון דער וועלט. —
באַפאַלט אויך דאָ אַ היישעריק און גריזשעט די מעת־לעתן,
און ס׳בלוטיקן די וואָרצלען פון מײַן אויסגעבענקט געצעלט.

צי הערסטו ווי אויף דעם גלבוע ווידער שטײַגט דײַן חיל?
די שווערד אויף וועלכער ביסט געפאַלן קלינגט אין יונגע הענט...
אָ, קראַנקער קיניג, וואָס וועט זײַן? אָ, שומר מה מלַיל?
אַן ערדן־ציטערניש גייט דורך דאָס לאַנד פון ענד ביז ענד.

און אָט — אַ שטים: ישׂראל־קינד, אַן עדות דער גלבוע,
עס ווילן קיין מפּלות מער ניט זעטיקן דעם דור...

*

און שאול רײַט אַוועק אויף נעפּלען. איבער פעלדזן גראָע —
טרומייטן שאַלן. ס׳קרייט אַ האָן פאַרכישופט אין עין־דור.

1948

דאָס יינגעלע, געקומען מיט אַ רויז
אַהער, צום יונגן טאַטן — בלייבט געפּאַנגען:
עס באַמבלט זיך אַ פּוסטע, שוואַרצע הויז...

— ווו איז דיין פּוס?

— מיין קינד, ער איז געגאַנגען
מלחמה האַלטן און וועט באַלד צוריקקומען אין הויז.

נאָר אַז דער יונגער טאַטע בלייבט אַליין,
צעטומלט וואָס די בענקשאַפט איז בחינם —
דערזעט ער: פונעם באַלקן אויף אַ דינעם
לבנה־פאָדעם קומט אַ שפּין צו גיין
צום אָפּגעזעגטן פוס ווי אַ פאַרבייטער.
פון קלעמעניש צעהאַקט ער זי! נאָר אַט —
אַ פּיסעלע פון שפּין אַליין גייט ווייטער,
בשעת דער גוף צעשניטן איז אויף שטיקלעך.
צעוויינט זיך דער איינפיסיקער: אַ שאָד,
ווען איך קאָן אָנטאָן ס׳פּיסעלע
געוועזן וואָלט איך גליקלעך.

1948

## דער וואַלד

פאַר י. מ. ניימאַן

ווי וואָלקנדיקע אָדלערינס מיט בליצן אין די הערצער —
צונויפגעפלויגן זענען זיך פון גאַנצער געגנט מאַמעס
אין יונגוואַלד, וואָס מע האָט געפלאַנצט אין אָנדענק פון די קינדער.
די שטילקייט האָט זיך איַינגעצימצומט אין אַ קליינער טרער
ביַים אָנבליקן דעם א י נ ע ו ו י י נ י ק פון די שטומע פלאַנצן.
ס'האָט יעדער בוים געשיקט אַן אַנדער שמייכל צו אַ מאַמען,
און זיי, די שמייכלען, האָבן זיך געליַיטערט אין אַ טרער.
נאָר ווען די מאַמעס האָבן ביַי די נעמען אָנגערופן
די נ אָ נ ט ס ט ע, וואָס די ציַיט האָט זיי פאַרוואַנדלט אין אַ וואלד —
ערשט דעמאָלט האָט פון יעדער בוים אַרויסגעפלאַצט אַ שאָטן.

1949

אין ראש-העין, בײַם קינדער-גאָרטן,
שטייען געזעמלען זוניקע שאָטנס
אין טיגערנע פעלן,
רויטע קאַרעלן.
שטייען בײַם קינדער-גאָרטן מאַמעס,
„מאַמעס פון היילן" — אַליין פּיצל קינדער —
און שנאָבלען אַרײַן דורך די שפּאַרעס פון פּלאַנקען.

הער אַ מעשׂה,
ווינד און ווינדער,
קאַפּויער שטעלן זיך די געדאַנקען —
זינט יענע לערערין, אָט די ווײַסע,
האָט אויסגעצוואָגן דאָס בינטל קינדער,
דערקענען מאַמעס ניט זייערע קינדער.
דערקענען ממש ניט זייערע קינדער.

שטייען געזעמלען,
אויגן פלעמלען,
טיגערנע פעלן,
רויטע קאַרעלן
און לויערן,
טרויערן
ביז —
אַ קינד צעוויינט זיך.

דעמאָלט דערקענט
מאַמע איר קינד
װעדליק זײַן װײנען.
און ציט די הענט
מיט זיבן חנען...

און איבער די מאַמעס — אַ װאָלקן־אײזל
שפּאַנט אויפֿן טעפּיך פֿון דער לבֿנה.
משיח אַלײן,
משיח אַלײן,
מאַכט אויף דעם נײַעם געװײן
שהחינו.

1950

איך בין אין לוד געגאַנגען, און צוזאַמען מיט די לודער
צעווישן אַלע שטערנפּונקען אויסגעקוקט דעם נײַעם,
וואָס ברענגען וועט פון בבל אונדזער מידן-מידן ברודער
צו טועם זײַן די ווײַנטרויבן פון אַלט ירושלים.

און ס׳נענטערט זיך דער שטערן מיט אַ הימלישן גערודער.

געצוויטשערײַ פון תפילות, ווי אַמאָל אין אונדזער געגנט,
אַ פויגלמאַרק מיט זינגעניש פון אַלע מינים לענדער.
אויף זיבעציק דיאַלעקטן פון געוויין האָט זיך באַגעגנט
אַ פאָלק, וואָס האָט זיך אָנגעטאָן אין פויגלשע געווענדער.

אַ פאָלק, וואָס האָט זיך מיט זײַן גורל קיין מאָל ניט געזעגנט.

און פּלוצעם — אין לבנה-טלית אײַנגעהילט — אַ זקן
דערלאַנגט אַ פאַל און קושט דעם ליבן זאַמד ווי אַ יריעה.
און ס׳פּלאַצט זײַן הארץ אין מיטן קוש! די שטערן ווײַס, דערשראָקן,
באַווײַזן ניט צו ראַטעווען. עס צאַפּלט קוים זײַן וויִע.

אַ ווינטעלע פון בשׂמים-פעלדער קרײַזלט זײַנע לאָקן.

און גוסטדיקערהייט, נאָר מיט אַ פּנים לויטער אהבה,
קוים-קוים, בלחש, צימבלט ער אַ ניגון דין צעצויגן.
פאַרטײַטשט מען, אַז דאָס רופט ער צו זײַן אייניקל זהבה, —
דעם בלינדן, שוואַרצן שוואַן מיט ימען-אָפּגרונט אין די אויגן.

און זײַן פאַרלאַנג צום אייניקל איז בבלדיק טשיקאַווע:

אַצינד אַז אים איז שוין באַשערט צו ליגן ווי ישעיה,
ווען זײַן געביין וועט זאָגן שירה, אויסגעלייזט פון אָבל, —
זאָל שטילערהייט, למען השם, זהבה זײַן געטרײַע,
אַרײַנלייגן אין קבר אים דרײַ שטיינדעלעך פון בבל.

'ער האָט זיי מיטגענומען אין דער זײַדענער אַבײַע. — — —

1951

## אַ זעונג

פּאַר דוד פּינסקי

פון וואַנען קומט דער שטורעם אויפן כּרמל? פון אַ פעלדז.
איך האָב געזען:
אַ וואָלקן־האַמער האָט דעם פעלדז צעשפּאָלטן
און ס׳האָט פון זײַנע שטיינגעוויד אַרויסגעפּלאַצט אַ שטורעם —
אַ פײַער־וואָגן, וואָס די רעדער זײַנע — פיר מזלות,
אויף בלאָע, דימענטענע אַקסן,
האָבן אונטער וואָלקנס
געאַקערט איבער מײַן געביין.
און ס׳האָט אין מיטן וואָגן
אַנטפּלעקט זיך אַ געשטאַלט, וואָס אין איר פּנים איז פאַרקנאָטן
די פּנימער פון אַלע מענטשן, חיות און געוויקסן...
ויהי — קוים האָב איך אויסגעדאַרשט מײַן בענקשאַפט צו דער זעונג,
אַזוי האָט מיך אַ שטראַלנראָד פאַרשלונגען אין זײַן ווירבל,
און כ׳בין געפלויגן אינעם ראָד
צעווישן ים און וואָלקן,
געגליכן צו אַ שטערן אין די נעגל פון אַן אָדלער...
און איידער מײַן געדאַנק איז נאָך אַרײַן אין די שוואַרצאַפּלען,
איידער ס׳האָבן ליפּן זיך פאַרבלוטיקט מיט אַ וואָרט, —
אַרויסגעשווומען איז אַ שטאָט פון שוואַרצע פּערל־נעפּלען,
אַן אורלעגענדע אָפּגעניקלט מיט ווולקאַנען לאַווע,
און כ׳האָב דערקענט:
דאָס איז די שטאָט פון אַלע מײַנע ליבסטע,
די שטאָט וואָס האָט ניט קיינעם, קיינעם אויסער מײַנע טרערן.
און אויפגעשפּאָלטן איז די שטאָט
ווי מיט אַ ווײַלע פריִער
דער פעלדז וואָס אויפן כּרמל...

און עס שטייַגן פון דער ערד
אין פייַער־וואָגן —
אַלע מייַנע ליבסטע.

...באַלד
מיר פליִען
צוזאַמען מיט דער שטאָט
אַהין צום כּרמל,
אויף צוריק,
און די געשטאַלט מיט פּנימער פון מענטשן, חיות,ביימער, —
בענטשט די אייַנוווינער פון שטאָט
ווי יעקב זייַנע קינדער — — —

1951

אין דײַנע פענצטער פלאַקערט שלמה מולכו אויפן שײַטער, —
כ'האָב אויך אַמאָל געפלאַקערט אָט אַזוי אין מיטן גאַס.
אַצינדער בין איך אָפּגעשפּיגלט אינעם בלאָ פון צפת,
אויף אַ דאַך מיט גאָלדיק־רויטע קרײַטער.
אַצינדער, ווען איך שוועב מיט אויגן נאַס
צום זוהרדיקן עצמון־באַרג, ווו ס'קוואַלן
קבלה־ברונעמס — וויל איך פאַלן, פאַלן,
און אויסטרינקען פון זיי דײַן פּנים, צפת!

1948

די פייגל איבער צפת — דאָס זענען טאַקע פייגל? מעגלעך.
אַזוי צי אַנדערש, נאָר איך ווינטש די „צפתלעך" אַל דאָס בעסט.
צום דונער אויף די בערג פון כּנען פליִען זיי אין געסט,
באַשאָטענען מיט פייגלשריפט די פּאַרמעטענע שטעגלעך.

אַ זיבניעריקס לויף איך אין די בלאָקייטן אָן קליידער.
און ס׳פעלט מיר אַ לאַמטערן בלויז צו גיין ביַי זיי אין חדר.

1949

אויסגעקוואָלן האָט אַ כמאַרע,
אויסגעמאָלן מיר אַ מראה:
ניט געביטן האָט זיך צפת,
ווי עס בייַט זיך ניט קיין עפּל.
אַ גאַס.
אַ טרעפּל.
דאָ לעבט נאַדזשאַראַ.

אין צימערל איז אויגיק בלאָ,
אַ נעסט פאַר דער מוזיק פון דורות.
דאָ,
דאָ,
דאָ,
ציִען זיך צו אים צינורות
פון די שטערן און צוריק.

אַ ספּרל אויף זייַנע קני,
(בייַם טרעפּל — וואַנדערער ווי לעמער)
און אַנטקעגן דער אר״י
בעט אים: זינג אַ נייַעם זמר.

די וואַנדערער מיט אַלטע לירעס
ציילן פאַלנדיקע שטערן.
אַלע הערן,
אַלע הערן
זייַנע מלכותדיקע זמירות:
**יה רבון עלם ועלמיא**
**אנת הוא מלכא מלך מלכיא — —**

דער ניגון,
ווי אַ שׂרפה־אָטעם פון אַ גרוב מיט דימענטן,
טוט אַ גלי
אין דעם אר״י,
באַפליגלט זײַנע טרערן.

— מײַן קינד,
מלאכים קומען דיך צו הערן.

נאָר איצט איז שוין נאַדזשאַראַ דער פּאָעט,
אַליין קיין הערשער ניט אויף זײַנע גראַמען.
צוזאַמען
מיטן זמר: יאָ רבון עלם ועלמיא,
זינגט פון אים די ליבשאַפט:
— אָ, ווו ביסטו מײַן געטרײַע?

און ס׳צימבלען צו די וואַנדערער בײַם טרעפּל.

ניט געביטן האָט זיך צפת,
ווי עס בײַט זיך ניט קיין עפּל.

1951

## שבזי

דרײַ הונדערט אײזלען באַלאָדן מיט לידער
— אַזוי װערט דערצײלט —
האָט דער פּײטן שבזי
געטריבן פֿון תּימן
קײן ארץ־ישׂראל.

דרײַ הונדערט אײזלען באַלאָדן מיט לידער.

אַנטקעגן די װײַטן
האָט געריטן דער פּײטן
אױף אַ װײַסינקן אײזעלע
צװישן די לידער
און געטרילט װי אַ פֿױגל
פֿון אײגענעם סידור.

פּײטן שבזי,
איך בין דיך מקנא,
ס׳זענען די אײזלען אומזיסט ניט געגאַנגען.
אױף דײַן אײניקלס חתונה שװעבן די קלאַנגען,
װי טױבן מיט גילדענע גלעקלעך באַהאַנגען.

און מײַנע אײזלען,
אַן עקשנות,
האָבן ניט דערשלעפּט די געזאַנגען.

1950

צװײ יהודים אַזש פֿון קורדיסטאַן
שטעלן אָפּ די אײזלען
מיט די װאָגנס פּאָמעראַנצן,
לױפֿן זיך באַהאַלטן מיט אַ טענצלדיקן שפּאַן
אונטער פּאַלמע־שירעם פֿול מיט הענגענדיקע גלאַנצן.

אין דימענט־רעגן בלײַבן בײדע אײזלען, און בעת־מעשׂה
ציִען אײנס צום אַנדערן די קעפּ װי פֿילאָסאָפֿן:
— אַבי די מענטשנקינדער, װאָס אַנטלאָפֿן,
מײנען, אַז די אײזלען זענען מיר. אַ פֿײַנע מעשׂה!

זײ גלאָצן מיט די אױערן, עס אַרט זײ ניט אין גאַנצן
די פֿלײצעניש. פֿאַרקערט, אַזאַ מין תּענוג!
װי יאַדערן פֿון זונען גײען אױף די פּאָמעראַנצן
תּאװהדיק און װײַניק.

אַן אײזל נעמט אַ פּוס צום שטערן:
— אפֿשר זײ דערקלערן?

און ביז פֿון צװײטנס נאַסער פֿעל
שלאָגט אָפּ אַ רעגן־בױגן, און די קורדן
קומען פֿון באַהעלטעניש מיט גדולה און באַפֿעל —
שמועסן די אײזעלעך פֿון מענטשלעכע אַבסורדן.

1949

## טבריה

פון איין זײַט, ווי אַ ריזן־פּאַלמע, הייבט אַ רעגן־בויגן זיך.
אַנטקעגן, פּונקט די זעלבע הייך, — דער חרמון,
ווי דאָ וואָלט
אַ שטיק סיביר פֿאַרבלאָנדזשעט.
און צעווישןביידן — שטאָלט
דער ים כּנרת, ווו אין מיטן האַלט אין בייגן, נייגן זיך
אַ פֿישער אויף אַ לאָדקעלע פֿון גאָלד.

ווען דער פֿישער גיט אַ צי די ווענדקע — פֿאַנגט ער ביידן:
סײַ דעם רעגן־בויגן, סײַ די שנייִיקע מיסטעריע.
(פֿאָעטן קוקן אויף דעם פֿיש און צווינגען אים צו ריידן,
געזונטע מענטשן — קויפֿן אים אין טבריה).

1949

מאי קאָ משמע לן דער שניי, וואָס אויפֿן חרמון אויבן?
ער אַנטפּלעקט מיר אַ באַשנייטע, אָוונטיקע כאַטע,
ווען באַגאַרטלט מיט אַ זעג עס קומט אַרײַן מײַן טאַטע,
און די זון, וואָס בלאָנדזשעט אינעם וועלדל אויף די שויבן,
פֿינקלט אין זײַן באָרד זײַן אָנגעאײַזיקטע, אין כאַטע.

ער דערמאָנט מיר אָן די ייִדן, וואָס ווי שנייען קלאָרע,
זענען זיי געפֿאַלן שטומערהייט אַ גאַנצן ווינטער
און זיי ליגן הינטער מײַנע שוואַרצאַפּלען, — אַהינטער,
בענקען אַז אַ פֿרילינג זאָל זיי מאַכן אַ הזכּרה.
נאָר איז דען פֿאַראַן אַזאַ מין פֿרילינג אַ צעגרינטער?

פֿויגל פֿונעם חרמון! וואָס איך האָב געשלאָסן קאַנטשאַפּט
נאָך אין אַל הצפֿור מיט דײַן האַרציקער נגינה, —
ברענג אַ שניי אַ קינדישן אויף דײַנע פֿליגל דינע
פֿון מײַן היים, דער עיר ואם, — וועט ליבער זײַן די לאַנדשאַפֿט.
אָנעם שניי וועט קאַלט זײַן אין דער פֿלאַמיקער מדינה.

1948

## די קוויטלעך אויפן קבר פון רב שמעון בן יוחאי

אויף מצבה־שטיינער בלאָע
פון רב שמעון בן יוחאי
ליגן קוויטלעך אַלערליי,
אָנגעטרערנט,
אָנגעשטערנט
און געהתמעט זענען זיי:
אינדיש,
ייִדיש,
אַראַמעיִש
און אַ קאַפּעטשקע העברעיִש.

ווען די נאַכט, געשפּינט פון זיפצן,
היילט און היילקט די גאולה,
ביי ל״ג־בעומרדיקע ייִדן
איינגעזויגן אין הילולא —
דעמאָלט שפּאַלטן זיך די שטיינער
און מיט זיידענע אַזעלכע
זיידע־פינגער — קלייבט רב שמעון
די אַרויסגעבליטע קוויטלעך
און ער לייענט זיי געמיטלעך
ביי דעם אָפּשיין פון הילולא.

זיינע אויגן שמייכלען קינדיש
און ער בענטשט אַן אינד אויף אינדיש.

אָט אַ לשון פול מיט חידוש —
און ער בענטשט אַ ייִד אויף ייִדיש.

קיין עין הרע
ייִדן גאָרע,
נאָר די ברכות ניט צעמישן.

און ער פֿרייט זיך, וואָס צעווישן
אינדיש,
ייִדיש,
אַראַמעיִש,
איז נאָך דאָ אַ טראָפּ העברעיִש.

1951

זאָל איך אָנהייבן פון אָנהייב?
זאָל איך ווי אברהם
אויס ברודערשאַפט צעהאַקן אַלע געצן?
זאָל איך זיך אַ לעבעדיקן לאָזן איבערזועצן?
זאָל איך אײַנפלאַנצן מײַן צונג
און וואַרטן ביז פאַרוואַנדלען
וועט זי זיך אין אָבותדיקע
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען?
וואָס פאַר אַ קאַטאָוועסדיקע
וויצן
דרשנט מײַן פאָעזיע־ברודער מיט די באַקנבאַרדן,
אַז מײַן מאַמע־לשון גייט באַלד אונטער?
מיר וועלן נאָך אין הונדערט יאָר אַרום דאָ קענטיק זיצן
און פירן די דיסקוסיע בײַ דעם ירדן.
ווײַל אַ שאלה נאָגט און נאָגלט:
אויב ער ווייס גענוי ווו
די תּפילה פון בערדיטשעווער,
יהואָשס ליד
און קולבאַקס
וואָגלט
צו דעם אונטערגאַנג —
טאָ זאָל ער מיר, אַ שטייגער,
אָנווײַזן ווו־הין די שפּראַך גייט אונטער?
אפשר בײַ דעם כּותל מערבי?

אויב אַזוי, וועל איך דאָרט קומען, קומען,
עפענען דאָס מויל
און ווי אַ לייב
אָנגעטאָן אין פֿײַערדיקן צונטער,
אײַנשלינגען דעם לשון וואָס גייט אונטער.
אײַנשלינגען, און אַלע דורות וועקן מיט מײַן ברומען!

1948

אויף קינס קבר בליט אַן אָלעאַנדער —
זײַן שוידער־צייכן בלוטיקט בײַם גן־עדן.
און קעמלען ברענגען מענטשן דאָ אין וואַנדער,
וואָס טוען תּפילה, גיסן אוים די ליידן.

כ׳באַהאַלט זיך אינעם שאָטן פון אַ קעמל
און ס׳קלאַפּט מײַן האַרץ אין מאָנענדיקע ריטמען:
אַלמאַי צום רשע בייגט זיך דאָס געזעמל,
אַלמאַי צום קין טוט מען תּפילה, קניט מען?...

און ווו איז הבלס קבר ווייס ניט קיינער,
אַפּילו קעמלען וועלן ניט באַגלייטן.
און וואָלט מען וויסן, וואָלט מען וואַרפן שטיינער:
„געווען אַ פּחדן, האָט געלאָזט זיך טייטן".

1951

אצינד װען מיר שטעלן די טויטע אַ דענקמאָל,
די טויטע, װאָס האָבן בײַם פֿאַלן געשטעלט
אַ דענקמאָל פֿאַר אונדז, אַז מיר זאָלן געדענקען
דעם פֿעניקס, געבוירן אין אַש פֿון דער װעלט —
אָ, לאָמיר זיך אַלע פֿאַרקלײַבן אויף מילע,
מילע־גאַס אַכצן — איעדער געצעלט,
און לאָמיר באַזונדער און לאָמיר צוזאַמען
זיך פֿילן װי אותיות אין יענער מגילה —
און לאָמיר זיך קאָרטשען אַ װײַלע אין פֿלאַמען!

*

...מיר זענען דער דענקמאָל װאָס װעט ניט פֿאַרשװינדן,
ס'באַשיצט אונדז דאָס פֿײַער פֿון מילע־גאַס אַכצן.
די אייניקלעך־מאַמעס מיט אונדז װעלן צינדן
די בענטשליכט פֿון לעבן אין פֿרײַטיק־צונאַכטסן.

1951

*

אין פײַער־וואָגן פּליסטו,
געשפּאַנט אין אַ װוּלקאַן.
אַנטפּלעק מיר ניט ווער ביסטו
אָ, וווּנדערלעכער מאַן!

געננוג איז מיר דײַן ריטעם,
וואָס אַקערט מײַן געהער.
זײַ וויסן אַז איך היט אים
אין מיקדש פֿון אַ טרער.

געננוג מיר דײַנע פֿלעקן —
די קינדער דעם וווּלקאַנס.
כ׳וועל זייער ליכט אַנטפּלעקן
אין גליִענדיקן טראַנס.

1951

א

די מעווע שערט דעם שטורעם,
העט, פון אויבן —
אין יַמס מדינה זעט זי, ווי דורך שויבן,
באַשופּט מיט גאָלד, איר לעבעדיקן פאַנג.

דער דיכטער טוקט אין ווערטער־ים אין טויבן,
איינצושלינגען רויגן פון געזאַנג.

אין סאַמע שטורעם, אויף אַ כוואַליעס פלייצע,
רוט אָפּ די מעווע.
אַ געזאַנג
דערפרייט זי.

און לאַנג און באַנג
זוכט דער דיכטער אויפן ים די שטילקייט,
און ס׳ווערט זײַן קאָפּ צעשמעטערט אָן אַ קלאַנג!

ב

די נשמה פון ים איז פאַרשטעלט פאַר אַ פערל.
אין שטיל־צײַט
אַ פינטל פון שטורעם — איר קערן.
אין שפּיל־צײַט
פון שטורעם — די קאַלטע מוזיק פון אַ שטערן.

מע דאַרף אָבער זײַן ווי דער ים,
די נשמה פון ים צו דערהערן.

ג

ים, איבער דײַנע כוואַליעס
הוידעט זיך אַ פּלאַש —
אַ מצבה נאָך אַ מאַסטבוים.
אין מערב — אַ מישמאַש
פון אָקסנהעלדזער אין בוינע,
אָפּגעגלאַנצט אין חלפים.

ים, פון דעם־אָ באָרטן
פאַרנעם אצינד מײַן געבעט:
ווי די פלאַש איבער כוואַליעס דאָרטן,
גיב זיכערקייט דעם פּאָעט
צו שווימען איבער שטעט.

ד

איך שעפּ אַ הויפן ים צו טרינקען
זײַן ווינקענדיקן סוד.
מײַנע ליפּן זינקען, זינקען,
אין סאַמע מוזיקאַליש־טיפסטן וואַסער:
— אַנטהיל די כוואַליעס.
לאָז דערזען ווי ס'ליגן
אויפן דעק פאַרברידערטע מלחמות.
קוואַל אין מײַנע אָדערן דעם ניגון
מיט די לעצטע זעונגען פון עמוס.
פאַרלאָק מיך אין דײַן אָפּגרונטיקן וואַלד
מיט די לאַנגע, זאַלציק־זיסע צינגער.
ווײַל באַלד, אַ באַלד
רינסטו אוים צעווישן מײַנע פינגער.

1947

אויפן ים,
צווישן טויט און געבוירן פון כוואַליעס,
קאָנסטו פילן זײַן בענקשאַפט. מוזיק
פון אַליין זיך־באַשאַפענער שטילקייט. מוזיק
איבערקלאַנגיקע,
באַנגיקע.
און אַרום דער מוזיק,
וואָס איז קליין ווי אַ שטערן
פון דער ווײַט
און גרויס ווי אַ שטערן
פון דער נאָענט,
ליגן שטורעמס געפאַנגענע,
מיט באַפערלטע, גלוסטיקע פנימער,
און הערן, און פילן —
קאָנען זיך קוים צו זײַן בענקשאַפט דערבענקען,
מיט איר שטילקייט
די שטילקייט די אייגענע
שטילן.

קום שלינגען די סימפּאָניע וואָס מע רופֿט זי: רעגן, רעגן...
פֿאַרשפּעטיק ניט דעם תּענוג פֿון איינמאָליקייט און אײַל.
צעווישן ים פֿון אויבן און דעם ים וואָס אים אַנטקעגן, —
מיליאָנען זײַלן. איינער פֿעלט. איז קאָנסטו זײַן אַ זײַל.

די זײַלן — דין, פֿון קוועקזילבער די מוסקלען. אָ, די לאַנגע
באַשעפֿענישן האַלטן ביידע ימען אין געצוים!
באַשוימטע אָדלערס פֿליִען אָן — אַ גאַנצענע פֿאַלאַנגע,
נאָר איינער פֿעלט. איז קאָנסטו זײַן אַן אָדלער ווײַס ווי שוים.

די זײַלן האַלטן מער ניט אויס צעשניטענע פֿון זעגן.
ווי צוויי פֿלאַנעטן גיבן זיך די ימען אַ באַגעגן.
זאָג ווידוי! ס׳פֿאַלן אָדלערס אינעם פֿאַלנדיקן רעגן...

ליכט

פֿאַרנעם דאָס קול
פֿון ליכט אָן צאָל:
דאָס פֿאַלט דער טַל,
דער טַל
אין טאָל.

דער טַל
אין טאָל —
אַ קוואַל
קרישטאָל.
און שטיל
זײַן קול:
טאַלטיל
טאַלטאָל.

1947

*

צווישן באַרג און וואָלקן — ווייסט ניט קיין מאָל,
ווער פוןביידן וואָגלט צו דעם ים...
כ׳בין געקומען ווו געווען שוין איין מאָל,
צו די ווונדן צוטוליען אַ לאַם.

אונטער מײַנע פים — דער באַרג צעגאַנגען,
וואָלקן איז דאָס נײַע לאַנד אין טוי.
דאָרטן בליִען בראשיתדיקע קלאַנגען,
איינעם האָב איך שוין געפאַנגען: „אוי!”

1947

*

וואַסער־שעפּעריגס בײַם ברונעם, — שלאַנקע, שוואַרצע זאַנגען,
טראָגן אין די רויטע קרוגן קוואַליקע געזאַנגען.

שוואַרצע זאַנגען, רויטע קרוגן, — גילדענע מנורות,
טרינקסטו — פּילן דײַנע ליפּן קומענדיקע דורות.

צו די פֿאַלנדיקע טראָפּנס אויף דער ערד צעברענטער
בין איך צוגעפֿאַלן דאָרשטיק. נענטער. נענטער. נענטער.

א

יענער פעלדז מיט פײַערליפּן קיין מאָל ניט קיין זאַטע,
וואָס דעם גאַנצן מידבר קאָן ער גילטן ווי אַ טאַטע, —
אײַנגעבויגן הענגט ער אויף אַ שטיינדל פאַזע אָפּגרונט,
ווי ס'וואָלט אַ מענטש געשטאַנען אויף אַ נאָדל.
אַזוי פיל צײַט אַ שטיינדל איז דער אָנהאַלט פונעם גדול !
און ס'וווּנדערט מיך : אים אײַנצוּוואַרפן איז גענוג אַ בלאָז.
נאָר ניטאָ קיין ווינטעלע.
פאַר וואָס ?

ב

ציגן, ציגן
ציִען זיך פון שטאָציק בלאַנקע שטיגן,
אַ ווײַסע נאָך אַ שוואַרצע,
אַ שוואַרצע נאָך אַ ווײַסע —
ווי קלאַווישן אָפּגעפלויגן אָקערשט פון קלאַוויר,
און דער ניגון
נידערט אינעם טאָל — אויף אַלע פיר —
אויף אַ דינעם שטעג מיט אָלעאַנדער-בליט באַשאָטן,
צו באַזיגן
וועלטן אָן איין שאָס.
פון אַלע ציגן פאַלט אַ שוואַרצער שאָטן.
פאַר וואָס ?

ג

די ווילדע רויז פון אויבן — איז מיר ווײַטלעך,
אַן אייגן קינד — איר אָפּגעשטאַלט אין קוואַל.
די ווילדע רויז פון אויבן איז רעאַל,
ממשותדיק און דײַטלעך
דווקא אונטן.
ווײַל איך פאַנגען די וואָס דווקא אונטן.
שווימט מײַן האַנט אין פלעמל-בלאָען וואַסער
צו די גרונטן,
שווימט צו יענער ווילדער אין אַ כוואַליעדיקן שלאָס.
די אָפּגעשטאַלט אין קוואַל איז פונקט ווי אויבן פול מיט דערנער.
פאַר וואָס?

1948

*

אַן איינציקע פּאַלמע — אַ ווינטמיל מיט שפּיציקע פליגלען
באַווינטלט די זאַמדיקע זון אינעם זאַמדיקן לאַנד.
און איך בין דאָס איינציקע וואָלקנדל איבער די הינגלען, —
וועל באַלד זיך צערעגענען, היילן דעם וווּנדיקן בראַנד.

זונשטיינער פֿאַלן אין ים־גאָלד בײַם טאָגן,
בין דאָ געקומען מיט אַרכעאָלאָגן.

אונטערן ווײַסן צעשניטענעם היגל
חלומט אַ שטאָט, ווי אַ קינד אין אַ וויגל.

ס׳צאַפּלט פֿון שלאָף אַ באַהאַלטענע תּקופֿה,
ס׳פּלאָפּלט אָן סוף די באַהאַלטנקייט גופֿא.

שטילקייטן שמייכלען מיט אויגן געשלאָסן,
שטילקייטן — פֿאָרמען, און שטילקייטן — מאָסן.

שטילקייטן גיבן אַ בלענד זיבנפֿלאַמיק —
אַרכעאָלאָגן געפֿינען... קעראַמיק.

ניט קיין נשמות פֿון מענטשן, פֿון זונען, —
עמעץ האָט ווידער אַ שערבל געפֿונען.

בליציקע פֿרייד בײַ דעם אַלטן פּראָפֿעסאָר —
אָט איז אַ מעסער פֿון תּגלת פּלאסר.

גלוסט זיך מיר זאָגן
די אַרכעאָלאָגן:

— נישטיקייט, ברידער, ס׳איז הבל הבלים,
כּל־זמן איר וועט ניט געפֿינען דעם חלום.

1950

דאָ אין די שטאַלן פון שלמה המלך,
זאָגט אַ געדאַנק מיר אַזוי:
דורות צעשטויבן זיך אונטערן מלך,
לאָזן נים איבער קיין שטרוי.

ווייסטו, למשל, ווער זענען די בויער
טאַקע פון שטאַלן אָט־די?
אָבער די אייזלען געזאָטלט אין דויער
האָקן דיר אונטער די קני.

זייערע קאָרעטעס קוואַלן דאָ פריילעך
פול מיט לבנהשן ווײַן.
קענטיק די אייזלען פון שלמה המלך
מוזן חכמים אויך זײַן.

קענטיק זיי האָבן געהערט שיר־השירים —
טאַקע דערפאַר זענען לאַנג
זייערע אויערן. פולע מיט שירים.
פול מיט אַמאָליקן קלאַנג.

שאַ. דורך די שטערן־פאַרשפּינוועבטע שפּאַלטן
קומען די אייזלען צוריק.
כ׳וועל ביז באַגינען דאָ ליגן באַהאַלטן,
אויסהערן זייער מוזיק.

1948

אַמאָל האָט ער געוווינט אויף אַ בעריאָזע,
אַנטקעגן מיר — אַ זומערדיקן זמן:
און סוכּות־צייט, מיט פּיס געשלאַנקטע, ראָזע,
ווי קניִענדיק אין לופט, איז דער בוטשאַן
געפלויגן קיין בית־לחם, איבער ימען,
אין אייגענעם, באַגלייבטן עראָפּלאַן.
און מיטגעשנאָבלט מײַנע שענסטע גראַמען —
מײַן חבר דער בוטשאַן.

געוויס האָט ער געקויפט זיך עולם הבא
פאַר מיטנעמען מײַן בענקשאַפט. נאָר אַצינד —
אין שנאָבל — רעגנבויגנדיקע זשאַבע,
ער פליט צוריק ווו איך געוועזן בין קינד,
פון אייגן מירמלפלייש געבויט פּאַלאַצן.
געפינען וועט ער אַנשטאָט זיי — טומאַן.
כ'האָב מורא, אַז דאָס האַרץ זאָל אים ניט פּלאַצן,
מײַן חבר דעם בוטשאַן.

1948

## צוגעוואַקסן צו אַ פּעלדז

א. לעיעלעסן, צו זיין זעכציקסטן געבוירן־טאָג

אײַנגעשלאָפן בין איך דאָ אַ פּײַנע פּאָר יאָרטויזנט,
צוגעוואַקסן צו אַ פּעלדז. און איבער מײַן געביין,
האָט די האַרעפּאַשנע צײַט געמילגרוימט און געריזנט
און דעם אײַנגעשלאָפענעם געהאַלטן פאַר אַ שטיין.

אמת, כ׳האָב מײַן יאָ־זײַן מיט קיין דונער ניט באַשטעטיקט,
ס׳האָט אַ חלום־וואַסערל געריזלט אין מײַן שלאָף
און מיט דעם גערזעענעם, געשעענעם — געזעטיקט,
עלעהיי אַ קוואַל טרינקט אָן אַ שאָף.

ווען דער בית־המיקדש האָט געברענט — האָב איך באַהאַלטן
ערגעץ אין אַ ווונד זײַן הייסע קויל, אויף ביז אַצינד.
שפּעטער האָבן זיך גענומען בײַטן די געשטאַלטן, —
איך, אַן עלטער־עלטער־זיידע — בין געוואָרן קינד!

ווי אַזוי כ׳האָב זיך באַגעגנט אין אַ שניילאַנד — אָסור
אויב ס׳באַנעמט מײַן קאָפּ!
וואָסער פּישוף האָט אַהין אַוועקגעבלאָזן, וואָסער,
אַז די שנייען לאָזן אַלץ ניט אָפּ?

אַקערשט בין איך דאָך געווען אין לאַנד פון ליקוי־חמה,
פּנימער און גאַסן — גוט באַקענט;
אין אַ טונקל שטיבעלע — מײַן מאַמע,
ווי אַ וואָלקן, וואָס מע קאָן ניט פאַנגען מיט די הענט.

נאָר זי האָט מיך אויפגעוועקט: „אַ חלום, ביסט געשלאָפֿן,
אייביק איז דײַן מאַמע אַלע מאָל".

*

אויפֿן כּרמל פֿאַשן זיך די שעפּעלעך און שאָפֿן,
אויסצופּוצן יונגע דורות אין דער צאַרטער וואָל.

1949

כ׳האָב געזען אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון שטילקייטן, אַלע אין בלאָ,
און אונטערגעהערט זייער זויבערע שטומקייט,
ווי ס׳בלוט אין פֿאַרזיגלטע פֿידלען.
באַשרײַבן זיי קאָן איך ניט. סײַדן דאָס האַרץ וועט זיך אָפּשטעלן.

זיי זענען געקומען צו שוועבן פֿון צײַטן און לענדער, —
נשמות אַזעלכע, וואָס קאָנען ניט שטאַרבן. זיי בענקען
צוריק נאָך די גופֿים אַמאָליקע דאָ, אין אילת.

די שטילקייטן האָבן זיך איבערגעוווּנקען. און איך —
צוגעדעקט ס׳פּנים, זיי זאָלן, חלילה,
מײַן אָטעם ניט הערן. און צווישן די פֿינגער דערזען:

אָן באַוועגונג אַ שלאַנג
מיט אַ זילבערן קעפּל.
און פֿאַרלוירן איר גאַנג
ערגעץ ווײַט, אין אַ נעפּל,

שטייט פֿאַרכּישופֿט אַ הינד
לעבן יַמיקער קילקייט,
אַזוי לויטער און לינד
ווי אַ זילב פֿון דער שטילקייט.

און אַ ווינטל וואָס שטאַמט
ניט פֿון זעיִקע שוועלן,
האָט פֿאַרלוירן אין זאַמד
זײַנע רויטע קאַרעלן.

ווי פֿאַרברענטע פּאַפּיר
הענגט אַן אָדלער אין הימל ;
און זײַן שאָטן אויף מיר
איז אַ שותּף צום דרימל.

נאָר ס'באַוועגט זיך ווער יאָ
איבער טיגערנע תּהומען
און די שטילקייטן דאָ
בלויז געדענקען זײַן נאָמען.

1950

צווישן בערג — פאַרהיפּנאָטיזירטע באַוועגונג,
בערג, וואָס אָן זיי וואָלסטו קיין מאָל ניט וויסן
דעם טעם פון אַ טאָל ווו עס הויערן טשערעדעס —
צווישן זיי האָב איך פּלוצעם באַגעגנט אַ זעלטענעם באַרג:
אַ משה מיט לוחות און צוויי רעגנבויגענע הערנער.
כ׳בין געלאָפן אַהין ווי אַ הירש צווישן פֿײַלן.
און געשען איז אַזוי:
ווען כ׳בין שוין דערלאָפן אָט-אָט —
איז געוועזן דער באַרג שוין אַהינטער.
און וויפל איך בין ניט געלאָפן
אַהין און צוריק —
בין איך שטענדיק דעם זעלטענעם באַרג דורכגעגאַנגען,
געוואָלט — ניט געקאָנט די צוויי הערנער דערלאַנגען.
זיי זענען געהאַנגען
איבער מיר ווי אַ משל.

און מעגן צעפּליקן מיך לייבן —
כ׳וועל קיין מאָל ניט גלייבן
אַז דער באַרג איז געווען אַ וואָלקן.

זײַן מאַיעסטעט דער באָקסערבוים — אים קומט אַ ליד, אַ הימען!
אַ װוּנדער האָט ער אױסגעבױט זיך דװקא אױף אַ שטײן
באַצװיגן מיט אַ הײַטל ערד, און קאָן די װעלט באַשטײן
אָן קײנעמס הילף. זײַן צװײַגנבליק — פֿון יִיאוש ניט קײן סימן,
האָט אָפּגעשלײַדערט דאָס געזעץ פֿון צײַט!
ס'באַשיצן אים די באָקסער װי אַ בײמעריש כּלי־זײַן.
אױף אַכטונג שטעל זיך פֿאַרן בױם! באַנעם װאָס ער באַטײַט:
געגליכן צו אַן אָקס, האָט ער געװוּסט אַז אים װעט סטײַען
עקשנות, און געשלאָגן זײַנע הערנער אינעם שטײן.
אַ הונדערט יאָר אין פֿײַן גערעװעט און געטאָן אים שפּאַלטן.
װײַל אונטן, אין די רױטע לײמען, שפּרודלט זוניק רײן
אַ לעבעדיקער קװעלכעלע באַהאַלטן.

1948

לבנה־גרילן זעגן, זעגן
די צײַט און זעגן זי פונאַנדער.
אַן איילבערטבוים דערשײַנט אַנטקעגן
און ס׳פאַלט זײַן פּנים אויף מײַן וואַנדער:

— בין איך געווען אַ מענטש, געגאַנגען
צום לאַנד פון גוטסקייט אַ מהלך...
נאָר דאָ, באַגלייט פון גרילן, זאַנגען,
פאַרצוימט האָט מיר דעם וועג אַ מלאך.

אַ טאָפּל־פּנימדיקע בלענדונג —
צעשניטן ווי אַ קאַלב מײַן שאָטן,
און ווו אַ שפּאַן, אַ בליק, אַ ווענדונג,
באַפאַלט אַ שפּיזיקייט: פאַרבאָטן.

כ׳האָב ניט געענטפערט. נאָר געבויגן
פאַרנומען זיך צום נאָנטן היגל.
— וווּהין? און ער האָט מײַנע אויגן
אַרויסגעשאָסן מיט אַ פליגל.

פאַרשאָלטן מיט אַ גרינער בלינדקייט,
באַליידיקט פונעם אומבאַקאַנטן,
האָב איך שוין דעמאָלט אין געשווינדקייט
געשלײַדערט זיך אויף אַלע קאַנטן.

און בלינדערהייט, נאָר פול נקמה,
אַן איילבערטבוים אַרויסגעריסן,
אים אויפגעהויבן אין מלחמה
אַנטקעגן מלאך — זאָל ער וויסן!

און ס'האָט דער מלאך אין זײַן צאָרן
געלײמט מײַן אימפּעט מיטן פליגל.
אַן אײלבערטמענטש בין איך געוואָרן,
אַן אײלבערטמענטש אין שוואַרצן עיגול.

דער זעלבער בוים, וואָס כ'האָב געהויבן
אַנטקעגן שונא, האָט געשמאָלצן
אַזאַ מין צווײַגנשילד פון אויבן, —
געפאַנגען מיך אין זײַנע האָלצן.

פון דעמאָלט בענק איך נאָך מײַן נאָמען
אין רינגעניאָרן אַ געשמידטער.
נאָר מענטשלעך בלוט פון מיר וועט שטראָמען
בײַם זעגן מײַן געביין, מײַן ביטער!

די אײלבערטן זײ זענען פרעמדע.
מיך פּײַניקן — ניט־מײַנע גלידער.
אַ, העלף מיר אויסטאָן זײ פון קלעם דאָ
און גײן צום לאַנד פון גוטסקײט ווידער...

*

פאַר טאָג. ווו בין איך דאָ געלעגן?
אַן אײלבערט אויף מײַן האַרץ — אַ זיגל.
אַ לעצטע גריל הערט אויף צו זעגן.
אַ וואָלקן ווי אַ ווײַסער פליגל.

1950

לאָמיר זיך לייגן אין היימישע גראָזן,
לאָמיר, צעהאַלבטע, זיך גאַנצענען פאַרט!
איך וועל מיט ווינטיקע ליפּן צעבלאָזן
גלייִקע קויל פונעם יִדישן וואָרט.

גלעקלעך פון קעמלען
קלינגען אין דרעמלען:
רו.
שטערן מיליאַרדן
דעקן דעם ירדן
צו.

יעטוועדער קעמל אַנטהויקערט זיין וויַינשטאָק:
— זע, ווי מיַין פּרי איז גרויליק-באַטעמט.
מיַינער צעצוויַיגט ביזן הימל זיַין פיַינשטאָק, —
וואַרעמע טרערן באַפּיַיכטן דעם זאַמד...

גלעקלעך פון קעמלען
קלינגען אין דרעמלען:
רו.
שטערן מיליאַרדן
דעקן דעם ירדן
צו.

צייַנערט זיך איַין אין די שטורמישע זאַפטן,
בליציקער יאָדער צעגיין זאָל אין מויל.
אונטערן העמד, אונטער ליַיַנענעם קאַפטן —
אומעט דער זעלבער, ווי גלייִקע קויל.

גלעקלעך פון קעמלען
קלינגען אין דרעמלען:
רו.
שטערן מיליאַרדן
דעקן דעם ירדן
צו.

1948

*

לעבן סיני, האַלבע נאַכט,
ווו שטילקייט ראַנגלט זיך מיט שווײַגן, —
פלאַמט אַ דאָרן. ס'האָט אַ בליץ
אַרומגעצונדן אים די צווײַגן.
יאָ, אַ קאַליקע אַ בליץ,
מסתּם לכּבוד אַ היענע,
האָט דעם יתום פון דער וויסט
אַ צונד געגעבן, — און די סצענע
מיטגענומען אויף זײַן וועג
פון עקסיסטירנדיקן אומזײַן.
צו דעם דאָרן אין געפלאַם —
אַפילו שטומקייט קאָן ניט שטום זײַן.

כ'האָב געזען ווי ס'ברענט אַ מ ע נ ט ש,
נאָר זיגן האָט ער ניט באַוויזן.
און דער דאָרן, ווי אַ לייב,
מיט נעגל — צאָרנדיקע שפּיזן —
אויפן שׂונא גיט אַ שפּרונג,
צעפּליקט זײַן פלייש — אַ פלייש פון פײַער.
ס'פײַער עפנט זײַנע ציין
און ס'הוליעט שוין אַ קאַמף אַ נײַער.
דעמאָלט פלאַצן מיט געזאַנג
די דאָרנקווייטן רויט ווי צונטער,
אײַלן העלפן זייער שטאַם
און גיבן זיך דעם פלאַם ניט אונטער.

ס׳פֿײַער װעט געדענקען לאַנג
ניט אָפּצוטאָן אַזױנע שטותן, —
װי אַ שׂאָטן אױף אַ קײט
בײַם דאָרן הױקערט זיך צופֿוסן.

1949

*

ליכטזיַילן הויכע,
ווי רײַטער מיט בלאַנקע טרומייטן,
קלינגען אַרוים פֿונעם קופּער אַן עלפֿטן געבאָט.
באַגלייטן
מײַן טראָט:
ואהבת לארצך כמוך.

1947

# לידער פון נגב

אויפן וועג צו באר־שבע

אַ סנה איז דאָס וואַסער פון ליימיקן ברונעם,
ווי צופעליק אָפּגעמעגטשט האָט זיך מײַן וואָגל.
אַ סנה אין געפלאַקער, אַ סנה מיט ניגונים, —
ס׳צעפּאַלט ווי אַ שאַרבן, בײַם שעפּן, מײַן לאָגל.

פון אוראַלטן ברונעם נעמט שטײַגן אַן אָרעם,
צעשנײַדט מיך אויף טיילן מיט שטיין וואָס איז בלענדיק.
— זאָל ווערן געשלאָסן אַ ברית בין הבתרים,
אַ בונד צווישן ביידן פאַרזיגלט אויף שטענדיק.

אַצינד איז מײַן גײַסט ניט צום גוף קיין געקייטער.
די זילבן און קלאַנגען — לויט אַנדערע מאָסן.
פון ברונעם נעמט שטײַגן אַן אָרעם אַ צווייטער —
דער בונד איז געשלאָסן.

דאָ ביסטו בײַם וואַרשטאַט פֿון גאָר דער יצירה.
פֿאַרדינגען זיך קאָנסטו אים ווי אַ געזעלן, —
די אייביקייט וועט דיר באַצאָלן מיט אירע
מטבעות — אויב ס'וועט נאָר דײַן אַרבעט געפֿעלן.

האָסט גאָרניט פֿאַרזאַמט בײַם „געשטײַג פֿון סקאָרפּיאָנען" —
דאָ האָט זײַנע קונסטבילדער אויסגעשטעלט ב ר א ש י ת:
אָט קושט זײַן געליבטע דער עמוד הענן
און זי, די געליבטע, אַן עמוד האש איז.

ווי פּשוט, קיין וווּנדער ניט אויף אַ רפֿואה,
דערזעסט דעם באַשעפֿער דורך זאַמדענע גלאָזן.
אין שטעט אינדערלופטיקע וווינט די נבֿואה,
ניט עלטער, ניט יִינגער — ווי האָסט זי געלאָזן.

ווען ס'פלאַקערט דאָס זאַמד ווי געצונדענע זאַנגען, —
אומזיסט די אַלמעכטיקע זון וויל אַ ווײַלע
צום צווייטוויזנטיעריקן בוים דאָ דערלאַנגען,
אַוואו אין זײַן עיגול איז פינצטער, איז לײַלה.

זײַן צווײַגן־געוועלב האָט אין לאַנגער מלחמה
געשלאָגן צוריק אינעם באָדן די צווײַגן!
דערציילט האָט בײַם שלאָף אים זײַן טאַטע מסתמא:
— אַ מידבר־פאָלק האָב איך געזען דאָ פאַרבײַגיין.

גענייגט איז מײַן אויער צום בוים. אַ באַהאַלטן
געוויין מאָנט אַ תיקון: „באַפרײַ מיך פון ענגשאַפט!"
אַ האַק! כ'וועל דעם בוים אין עין־חוסוב צעשפּאַלטן,
און, אפשר, געפינען מײַן אייגענע בענקשאַפט.

זיי האָבן געיִרשנט דעם בליק פון די פוקסן,
געצונדן פון שמשונען קעגן דעם פּלישתּי.
מיט שטאָלענע בערד און געפּעלדזיקטע וווּקסן —
געקומען צוריק פון די בלעטער פאַרמישטע.

פון ווײַסל און דונײַ, פון גאַנגעס און דניעפּער,
דער סיני אַליין האָט זיי אַלע גערופן —
צו קנעטן ווי ליים אין די הענט פונעם טעפּער
נבואה־געשטאַלטן פון אייגענע גופן.

זיי האָבן זיך ווינציק געקענט. אין זיכּרון
געבליבן בלויז דראַבנינקע אותיות פון סידור.
נאָר דאָ האָט אַ בת־קול פון ברעניקן דאָרן
די פוקסן געאייניקט: אַצינד זענט איר ברידער.

און פלוצעם — אַן אָדלערין, ווי אַ באַליידיקט־
באַפליגלטער וואָלף, מיט אַ שנאָבלדיק וואָיען,
דערלאַנגט זיך אַ הייב קעגן מיר, און פאַרטיידיקט
איינציייַטיק דאָס קליינוואַרג, וואָס דרימלט אין טויען.

און ווען מיטן זעץ פון אַ שטיין איך פאַרהאַלט זי,
און ס'פּלאַצט פונעם שטערן דער קופּערנער זיגל —
מיט פליגל פונאַנדערגעצויגענע פאַלט זי,
באַשיצנדיק ס'קליינוואַרג מיט וווּנדיקע פליגל.

און איידער ס'אַנטלויפט איר די ערד מיטן הימל,
באַצויגן מיט פלעקן פון טאָגס ליקוי־חמה, —
צעפּיקן די קליינע דעם טויִקן דרימל
און פליִען אַן פליגל זי ראַטעווען: מאַמע!

געבענטשט איז דער וואַדי דזשעראַפּי מיט זיבן
גינגאָלדענע עכאָס אַלץ דינער און דינער.
אַן אויסקלאַנג, אַ נאָמען — צעפּאַלט זיך אין זיבן,
ס'דערציילן אַזוי מיט עקסטאַז בעדוינער.

איז וועלכן זשע וואָרט זאָל איך לאָזן דאַ שוועבן
צעווישן דער בלאָקייט און פעלדזענער סטאַדע?
אַליין די נשמה נעמט אויסקלינגען: לעבן!
און זיבן מאָל ענטפערן גלעקער פון וואַדי.

און דאָ, ווו דאָס „לעבן" אין שפּאַלטונג פון סקאַלע
שלאָגט אָפּ זיבן מאָל — שלאָגן אָפּ שוין צוזאַמען
געפאַנגענע זונען אַזוי פיל, און אַלע
צעשמעלצן ווי קופּער דעם טויט אין די פלאַמען.

געזען האָב איך שטעט פון געמוסקלטן פײַער,
ביז איצט ניט באַמערקט פון קיין שום געאָגראַפן.
באַשאַפענע שטעט מיט מוזיק אומגעהײַער,
וואָס קיינער האָט זייער געשטאַלט ניט באַשאַפן.

זיי האָבן זיך קענטיק אַליין דאָ געשטעטיקט
און אייגענע פאָרמען באַגאָסן מיט לאַווע.
אַליין, מיטן אייגענעם ווילן, באַשטעטיקט
אַ היים פאַר די נאַקעטע אָדם וחוה.

רויטהאָריקע שטעט אין באַגיניקן אָטעם,
חלומות אָן מענטשן אי בלוטיק, אי טײַער,
אין אײַך וועלן ווינען רויטהאָריקע שבטים,
געגאָסן פון זעלבן אומזעטיקן פײַער.

„דורך דאַנען האָט משה געטראָגן די ביינער
פון יוספן — ביז צו די היימשפּיצן בלאָע".
צעוויינט זיך דאָס האַרץ: ניט באַוויזן אַליין נאָר
מקיים צו זײַן האָט מײַן דור אַ צוואָה.

די ביינער פון יוספן, האַלב ניט־דערלאָשן,
געלאָזט האָט ער עלנט אין טויטע קהילות.
צוזאַמען מיט זיי — דעם נר־תּמיד פון לשון,
געקומען אַ הוילער אָן באָבעשע תּפילות...

די ביינער פון יוספן דאָ, אונטער זעמדער,
די ביינער פון יוספן דאָרט, אונטער פּוילן —
דערקענען זיך ווינציק און בלײַבן אַלץ פרעמדער,
און שנײַדן ווי מעסערס און גליִען ווי קוילן.

לא תראו רוח ולא תראו גשם והנחל ההוא ימלא מים.
(מלכים ב׳, ג, י״ג)

און זעסט ניט קיין רעגן, און פילסט ניט קיין טראָפּן,
צעפּלאָמטער שיגעון אין זאָמד נע־ונד איז;
און שטראָמען ווי קריגספּערד אין ווילדע גאַלאָפּן —
קלאַפּ־קלאַפּ פון די פעלדזן אין בייניקע וואַדים!

וווהין? ס׳יאָגן אַלע פון סודיקער געגנט
צעהאַקנדיק צוימען, גראַניטענע שלעסער,
און איין שטראָם דעם אַנדערן שנײַדיק באַגעגנט
און פּלייצט אים אַרײַן אַ ברילאַנטיקן מעסער.

ס׳געדויערט ניט לאַנג און די זאַפטיקע שטראָמען
פאַרשווינדן. עס בלײַבן פון זיי אויף די דעקן
בלויז גראָזן, צעבליט פון באַוואָסערטן זאָמען,
ווי גרינע, לאַנג־לאַנגע קאָמעטישע עקן.

געשפּינט פון מזלות ווי גלאַנציקע פעדעם, —
די נאַכטנעץ פון הימל־געוועלב נעמט זיך טונקען,
באַצאַפּלט די שנייַדיקע פעלדזן פון אדום
און נידערט אין ים־סוף צו זייערע פונקען.

געפאַנגען — הייבט עמעץ אַרויף זי אַ פּולע
און תּיכּף אַ ליידיקע שעפּט זי שוין ווידער
די פעלדזן פון מדין, געשפּאָלטענע, דולע,
דערנאָך קומט די נעץ אויפן דיכטער, אויף לידער...

באַלד־באַלד, מיט די לידער צוזאַמען איך פלי שוין,
ס'באַדעקט אונדז די נעץ. מייַנע הענט — אויף די פעדעם.
פון אונטן די שטומקייטן שפּילן זיך, מישן,
פון אויבן באַגעגנט דער ים־סוף, און אדום.

דער זונפאַרגאַנג האָט זיך פאַרעקשנט מיט העזה
צו בלײַבן אין ים־סוף ביי נאַכט, ווען עס קומען
צום פּאַלאַץ פון וואַסער — די אומשולדיק ראָזע,
די איידעלע הירשן צו שטילן דעם גומען.

זיי לאָזן די זײַדענע שאָטנס בײַם באָרטן
און לעקן אין ים־סוף די רינגען פון קילקייט
מיט פידלענע פנימער לאַנגע. און דאָרטן
גע׳שעט די פאַרקנסונג בײַ זיי מיט דער שטילקייט.

געענדיקט — אַנטלויפן זיי. רויזיקע פלעקן
באַלעבן דעם זאַמד. נאָר עס בלײַבן פול יאָמער
די זונפאַרגאַנג־הירשן אין וואַסער און לעקן
די שטילקייט פון יענע, וואָס זענען ניטאָ מער.

באַצויגן מיט מושלען, קאָראַלן, פּאָליפּן, —
סקעלעט פון אַ שיף, נאָך געמײַנסטערט פון שלמהן.
דער שטורעם באַלעבט זי מיט יַמיקע ליפּן,
איז בענקט זי פון ים־ברעג צו יַמיקע שוימען.

אַ מאַסטבוים אין ווינט איז פון אויבן די פּאַלמע!
ס׳באַוועגן זיך קעפּ, די געביינען — געשלאָסן.
ס׳באַוועגט זיך די שיף... און — רבונו דעלמא —
צוריק האָבן אויפגעלעבט אירע מאַטראָסן.

זיי פּאַטשן די רודערס אין זאַמד ווי אין וואַסער,
אַנטקעגן — דער ים־סוף, בלויז עטלעכע שפּאַנען.
דערשוווּמען? דער גורל איז תּמיד אַ שפּאַסער:
זי בלײַבט אויפן זעלביקן אָרט ווי געשטאַנען.

**אילת**

בלאָאויגיקער ים־סוף האָט היינט זיך פאַרגונען
מיט פּסוקים פון כוואַליעס דערציילן אַן אויפהער:
— „אויף מיר זענען שיפן געגאַנגען ווי זונען,
געבראַכט קיין ישׂראל די אוצרות פון אופיר.

פאַרזונקענע מאַנען זיי איצטער אין טיפן
און שטענדיק זיי קומען צו חלום ווי מתים...״
— אָ, ים־סוף מיין טייַערער, ס׳וועלן די שיפן
בקרוב נאָך אויפזועגלען תּחית המתים.

נאָר זאָלן זיי פירן אין כּל מיני וועלטן
ס׳געזאַנג פונעם סיני און שלמהס משלים.
און זאָלן זיי ברענגען אין יעקבס געצעלטן
די פּערל פון פרייַנדשאַפט און ס׳גינגאָלד פון שלום.

עס טונקלט. די לעצטע, די אורלעצטע ליניע,
קרישטאָליק־איינמאָליק פֿאַרלויפֿט מיר אין צאַפּל.
דערלאַנגט אין דער לופֿטן זיך דרײַ מאָל אַ מיניע
און לערנט מיך, צוקנדיק טיף אין שוואַרצאַפּל:

— די לעצטע איז ערשטע. מיין רו איז אין לויפֿן.
און וואָלט ניט געשטאַלטיקט דעם גאַרנישט מײַן ריטעם, —
דערפֿילן דו וואָלסט ניט געקאָנט בשום אופֿן
די ליניע, וואָס ציטערט אין מענטשן און ציט אים.

— גערעכט ביסטו, ליניע, עס קומט דיך צו לויבן,
פֿאַר געבן אַ פֿינקל אין מיר דײַנע גיטער.
נאָר וועל איך צעפֿאַלן אין גליִיִקע שטויבן, —
ווּהין וועסטו ציִען מײַן מענטשלעכן ציטער?

דער פינגער פון שטילקייט באַווײַזט מיר דעם סיני.
כ׳וועל נאָענט ניט צוגיין ווו ע ר איז געשטיגן.
אַנטלויפן, אַנטלויפן אַהיים, אין רוינע!
צעפּיקן אויף טויט וועט מיך וועלן דער ניגון...

און אפשר, פאַרקערט, קעגן אַלע געזעצן
אַרײַנגיין אין וואָלקן און זען וואָס מע זעט ניט, —
און זאָל מיך אויף שפּליטערס די שטילקייט צעזעצן
אַנשטאָט די געדאַנקען: אָ, ניין, איך באַטרעט ניט?

— הר סיני, דו האָר פון דער שטילקייט אין וויסטע,
די טריט מײַנע וואַקלען צום וואָלקן, וואָס בלענדיקט — —
צעשפּרייט זײַנע פליגל אַן אָדלער: ווער ביסטו?
— מײַן נאָמען? מײַן נאָמען?? — — (דאָס ליד—ניט געענדיקט).

1949

א

האָסט פון מיר אַרויסגעהאַקט אַ שמייכל, ווי צעפּאַלן
וואַלט אין האַרץ אַ בלאָע פּיראַמידע פון וואַקאַלן.
שוואַרצע זונען מיט צעקרימטע מײַלער — שאַלן, שאַלן.

זאַלצגײַסט אָנגעטאָן אין דימענט, שטוינונג אָריענטאַלע,
אָפּגעגנאַרט פּאָעטן האָסטו און פאַרבלענדט זיי אַלע,
נאָר דײַן סוד בלויז מיר אַליין געוואָרן איז נתגלה:

קוים באַשאַפן — איז שוין די באַשאַפנקייט מיט פּגמען,
אויסקעמפּן השלמה קאָן זי ברענענדיק אין פלאַמען.
האָסט געברענט. מײַן אוראַלטער געדאַנק — מיט דיר צוזאַמען.

סדום! פון דעמאָלט איז אוועק דײַן שאָטן בלוטיק רויטער
איבער צײַטן, לענדער, צו דעם נוקם און דעם נוטר,
דו אַליין ביסט לויטער, לויטער, לויטער.

ב

די זון — אַ שוואַרצע פון ליכטיקייט
שלײַפט מײַנע שלייפן ביז בלוט...
אָט דאָ, אונטער זיבן־שיכטיקייט
לעבט נאָך מײַן ערשטע מינוט.

דאָס ניטאָיִקע און פאַראַניקע —
שוואַרצאַפּלען זיך פון בערג.
אַ סקולפּטאָר מיט הענט ווולקאַניקע
האָט געלאָזן אין מיטן זײַן ווערק.

ליגן באַזונדערע טיילן זיך:
נשמות, געדאַנקען, הענט — — — —
זיי ווילן גאַנץ זײַן, פאַרהיילן זיך,
נאָר ס'איז ניט אין זיי געווענדט.

אַ פײַערבוים — אַ פערזענלעכקייט
שטייט אויף זײַן פּאָסטן בײַם תהום.
איך געפין אַ זעלטענע ענלעכקייט
צווישן מײַן חלום און סדום.

ג

דער, וואָס אין זײַן קונסטווערק די מלאכים האָט געקנאָטן,
האָט פֿריִער ניט געוווּסט, אַז יענע וועלן אים פֿאַרראָטן, —
וועלן זיך פֿאַרליבן אין דער קליינער, שיינער פֿרוי,
געשניצט פֿון חלום-זילבער ווי אַ שפּילצײַג פֿאַר זיין גלוסטונג.

ווי לייבן נאָך אַ העזעלע,
אַזוי זענען גאָטס קינדער
מיט מוסקלען אָנגעצונדענע געלאָפֿן נאָך דער קליינער,
און זי האָט זיי געמאַניעט, כאָטש געפֿעלן איז איר איינער...

דעמאָלט איז געפֿאַלן פֿון גאָטס אויג אַ טראָפּן זאַלץ
און אָפּגעגאָסן לעבן ים-המלח זײַן יצירה,
אָנגעטאָן זי אין אַ קלייד אַן אייביקס פֿון קאָראַלן.

שטייט זי אַ פֿאַרגליווערטע, די פֿרוי, אין סאַמע לויפֿן,
ס'צאַפּלען נאָך פֿון אונטער די קאָראַלן
יונגע בריסט,
קאָפּ — פֿאַרדרייט צום אַקסל,
און די אויגן — ניין-און-יאָען —
פֿלעמלען צו די יאָגנדיקע מענער,
און שטעלן מיך אַליין פֿאַר אַ נסיון...

— — — — — — — —

שטיל.
די מענער יאָגן מער ניט.
ליגן אויף די קני.
לאָקן-וואָרצלען פֿון די קעפּ אין באָדן אײַנגעבאַקן.
און ווילדע ציגן לעקן דאָס געוויין פֿון זייער נאַקן.

ד

כ׳וואָלט מאַכן אויך געקענט
אַזאַ עקספּערימענט:
אָט לויפט דאָ אַ מוראַשקעלע בײַם זעלבן ים־המלח,
אַ נאַקעטע לוטס ווײַבעלע, —
וועל איך זי, למשל,
אָפּגיסן מיט אַ געזאַלצן גליִענדיקן טראָפּן, —
וועט זי בלײַבן אייביק — פּונקט ווי יענע
מיט אַ ווײַסן וואָלקנדל צוקאָפּן.
און ס׳וועט זיך שוין געפינען אַזאַ נביא, אַזאַ פּענע,
די מעשׂה צו דערציילן אויף אַ בליצנדיקער שפּראַך.

אויב מוראַשקעס האָבן אַ תּנך.

ה

ס'איז דאָ אַזאַ הייל אויפֿן שטעג צו מסדה
אין טיפֿעניש פֿון אַ ווולקאַן, וואָס איר מײַדן
אפֿילו געיאָגטע פֿון לייבן אַ סטאַדע.
מע רופֿט זי „די הייל פֿון געדולדיקן לײַדן".

איך בין דאָ אַרײַן קעגן אַלע פֿאַרבאָטנס,
ווײַל האָניק־באַטעמט איז מיר עלנט און מורא.
געווען איז די הייל אַ בית־עלמין פֿון שאָטנס,
די ביינִיקע לופֿט — ד ע ר ס ק ע ל ע ט פֿ ו נ ע ם ב ו ר א !

בלויז פֿינצטערניש. צײַטלאָזע שטומקייט. קיין מינדסטער
זיכּרון פֿון ליכט ניט. קיין צאַפּל פֿון גלויבן.
געוואָגלט אַ שעה צי אַ יאָר אין דער פֿינצטער —
און פּלוצעם די זון האָט געוויזן זיך אויבן.

אַ טויִקע זון איבער ליפּן פֿון קראַטער
באַלעבט דעם סקעלעט אין די הײלענע טיפֿן.
און ס'גיבן צעפּײַניקטע שאָטנס אַ פּלאַטער —
די שוואַרצקייט פֿון זיי האָט די זון אָפּגעשליפֿן!

אָ, סדום, זײַ געבענטשט! אין דײַן הייל וועל איך ליגן
ביז דו וועסט באַזוניקן מײַנע מעת־לעתן.
פֿון קראַטער וועט פֿלייצן מײַן סדומיקער ניגון
און ס'וועלן די ראָבן דאָ ברענגען מיר עסן.

1950

אויב זען ווילסטו איין מאָל די אייביקייט
פּנים אל פּנים,
און, אפשר, ניט שטאַרבן —
די אויגן באַהאַלט,
דריי אַראָפּ זיי
ווי קנויטן אין שאַרבן.
און דעמאָלט
אַן אין־זיך־געצונדענער,
גיי, ווו עד היום
דײַן וואַנדערשאַפט איז ניט מסוגל געווען זי צו טרעפן —

און גיב זיך אַן עפן
אַנטקעגן די פעלדזענע שפּיגלען פון ירושלים.

1947

אויפן וועג צום כותל מערבי,
אין אַ ליימיק־ליגנדיקן ברונעם,
זיצט אַ ייִד באַוואַקסן ווי אַ סאָווע
און ער קריצט אַ בעכער.
די ניגונים
פון די שטומע ליפּן טוען פרעגן
בײַ דעם וואָלקן, וואָס באַשיצט די דעכער,
ווען זשע ער וועט אָנקומען אַנטקעגן?
און דעם ענטפער קריצט ער אויפן בעכער.

אָט אַזוי איז ער מסתם געזעסן
אויפן וועג צום כותל מערבי
דעמאָלט, אין תּנכישע מעת־לעתן,
ווען דער נביא
ירמיהו מיטן יאָכשטאַנג אויפן האַלדז
אויסגעהאַמערט האָט פון זיך אַ דענקמאָל.
אָט אַזוי איז ער מסתם געזעסן,
ווען קיין מוטערמענטש איז ניט געבליבן נאָך דער שלאַכט.

הײַנט, אין נײַנצן פערציק אַכט,
בײַם אונטערגאַנג פון לענדער,
זיצט נאָך אַלץ דער גאָלדשמיד אין די זעלביקע געווענדער,
אינעם זעלבן ליגנדיקן ברונעם,
קעגן זעלבן וואָלקן אויף די דעכער,
און ער קריצט דעם ענטפער אויפן בעכער.

ווי זאַפטיקע רובינען פון אַ מילגרוים,
דורכגעשטרײַפט מיט זומערדיקן בליץ —
לײַכט זײַן פּנים.
— ווערסטו, זיידע, ווען דעם סוד געפינען?
— כ׳האָב געדולד, איך קריץ.

אויסגעלאָשן. מער ניטאָ קיין פּנים.
קאַלטע, בלאָע סאַזשע.
בלויז די הענט —
דער גאולהס בייניקע סימנים,
קריצן אויפן בעכער ניט־דערברענט.

אויסגעלאָשן אויך די פינגער, נעגל,
ס׳בלוטיקט אין דער לופט דעם בעכערס ראַנד.
מיט אַ תּפילה איז ער עולה־רגל
צו לבֿנה, וואָס גייט אויף אין לאַנד.

ירושלים, יאַנואַר 1948

**כראָניק וועגן אַלטשטאָט**

**(אין טאָג ווען אַלט ירושלים איז געפאַלן)**

...און אַז די לעצטע קריגער האָבן מער שוין
די אַלטשטאָט ניט באַוויזן צו באַהערשן —
האָט דער ס אַ מ ע  י יִ נ ג ס ט ע ר פון אַ וואַנט
אַ ציגל אויסגעבראָכן, און אַנשטאָט אים
פאַרמויערט זיך אַליין די רעכטע האַנט:
איך וועל דאָ בלײַבן ביז מײַן לעצטן אָטעם.

אויף די פעלדזנוועגט פון עיר-הקודש,
טראָגט אַ בחור אַ פאַרוווּנדיקט מיידל,
ווי אַ הירש אַ רויזנקוסט אויף הערנער.
לבנה קלײַבט די טראָפּנס טריט בײַ טריט.

דער בחור זינגט דעם פּאַרטיזאַנער-הימען,
די פעלדזן פון יהודה זינגען מיט.

די מיידל-אָרעמס — אַרום האַלדז פון בחור.
אמתדיקער : אַרום האַלדז פון שטאָם.
איר בליק —
דער ניגון פון די בערג און טאָלן
וועט אין אונדזער אַפּל זײַן פאַרהיט.

דער בחור זינגט דעם פּאַרטיזאַנער-הימען,
דער מיידלס טויטע ליפּן זינגען מיט.

1948

*

עפּלרויטקייט פון ירושלים,
ווו די וואָלקנס
האָבן זיך פאַרוואַנדלט
אין געביײַען;
עפּלרויטקייט
אומבאַנומענע און שטומע —
וואָס באַטייטסטו, עפּלרויטקייט פון ירושלים?

יום־טובסטו דעם חַג פון דײַנע יונגע זין און טעכטער,
אויסגעזיפצטע פון דײַן בענקשאַפט אין אַזוי פיל יאָרן?
דו,
איינאיינציקע,
דו־דו,
דו־דו
און דו־דו־דו,
וואָס צו דײַנע אָפּגלאַנצן, —
דערבאַרעמדיקע מאַמעהענט,
האָבן זיך געצויגן און געקלאַמערט
אַלע דורות —
וואָס באַטײַטסטו, עפּלרויטקייט פון ירושלים?

ווײ, צו װינציק האָב איך זיך געקײַקלט
אין דײַן שטויב,
צו פּיל זיך געשראָקן
פאַר דײַן שלאַנגענביס און שטומקײט,
אַז דו זאָלסט באַװײליקן אַ תּשובֿה.
בעסער זאָל
ענטפערן מײַן האַרץ. און אפשר בעסער —
ד ו זאָלסט בלויז פאַרנעמען
דאָס געװײן פון מײַנע אָדערן,
אָט אַזױ װי איך פאַרנעם דעם בת־קול פון דײַן רעגן
אונטן, אויסן אײנגעװײד פון מילגרוימיקע שטײנער — — — —

1949

כ׳לעבן, ס׳איז געווען אַ העזה
צו קומען אויפֿן ציון־באַרג אין רעגן,
ווו ס׳קיניגט אין אַ פּעסטונג פֿון חלומות
דער בעל־תּהילים,
און טראַכטן ווענן —
כ׳שעם זיך צו דערציילן — וועגן
דיכטונג.

און ס׳איז געווען דאָס טראַכטן, ווי אַ האַנט
וואָלט אויסגעוואַקסן דעמאָלט פֿון מײַן מילגרוימיקן שאַרבן,
אַ האַנט מיט פֿינף צעבליצטע אויגן אויף די שפּיצן פֿינגער.
און ס׳האָט די האַנט אַלזעעריש
געשוועבט אַרום דעם רעגן
ווי אַרום אַ יונגפֿרוילײַב,
און שיכּור פֿונעם פֿרעגן:
— וואָס איז דיכטונג?

צוריקוועגס, האָט אַ פֿײַגנבוים פֿאַרשטעלט
די נאַקעטקייט פֿון מײַן געדאַנק.
און אומגעשטילט, באַליידיקט,
בין איך אַראָפּ אין טאָל,
ווו ס׳האָט אַ בלישטשענדיקע יאַשטשערקע
אָפּגעקלעקט איר נאַסקייט אָן אַ שפּיץ פֿון רעגן־בויגן.

ווען ס'איז ניט געבליבן שוין קיין סימן
פונעם גאַנצן רעגן, האָב איך מיט אַ מאָל דערהערט
ניגונים, שטימען — — —
פלייצעניש פון וויינענדיקע פידלען אונטער דר'ערד.

יענע אונטערערדישע אומזעעוודיקע שטראָמען,
יענע, וואָס צום טאַטע־רעגן זוכן זיי אַ ריכטונג —
ווי זאָל איך זיי אָנרופן בײַם נאָמען?
— דאָס איז דיכטונג!

1950

*

די צײַט איז מײַנע אויפֿן הר הצופֿים:
די שלעסער אירע עפֿענען פֿאַמעלעך
דעם זונפֿאַרגאַנג און וועלגערן אַרויף אים —
אַנטקעגן, אויף דעם טראָן פֿון ים המלח.

אַ פֿויגל ברענגט דעם כּישוף־רינג פֿון שלמהן,
דערלאַנגט מיר אים צוזאַמען מיט אַ מיזמור...
אַ וווּנדערלעכע מעשׂה קאָן איך טרוימען
ווו ס'נעמען אָנטייל אַלע דורות ביז־מיר.

אַ מאַנדלבוים דער ש ע נ ס ט ע ר — איז מיר ווינציק,
נאָך יענעם בענק איך, וואָס האָט לאַנג פֿאַרמאַנדלט.
ירושלים איז געהייכט און פֿרינציק,
ווײַל ס'איז אַ שטאָט אין אורגעשמאַק פֿאַרוואַנדלט.

1948

אין אַ ווינקל אויף מאה שערים,
ווו מע האַנדלט מיט צימרינג און זיפּץ —
אויף אַ טעפּיך באַלאָדן מיט ספרים,
כ׳האָב געפונען אַ זעלטן געשריפטס.

ווי באַשטערנטע בלעטלעך הימל —
דאָס באַציקלטע בלאָע פּאַפּיר.
זײַנע ראַנדן — באַצויגן מיט שימל
פון די טויִקע נעכט אָן אַ שיעור.

עפּעס האָבן די אותיות בכּיוון
מײַנע אויגן געצויגן, פאַרשפּינט.
אַ יענוועלטיקע מחנה מאַטיוון
האָט אַ זשום געטאָן אונטערן טינט.

האָב איך איבערגעזעצט אויף מײַן לשון
זייער אינהאַלט אין צורה פון ליד,
ס׳זאָל ניט בלײַבן אין גאָרנישט פאַרלאָשן
די צוואה פון איינעם אַ ייִד.

*

— מײַנע קינדער, עס וועט אײַך אַוודאי
די צוואה זײַן אויסטערליש גאָר.
טאָ געדענקט זשע, אַז נסים לאַניאַדאָ
האָט אַ צווייטע, אַן אייגענע וואָר.

מײַנע אויגן שוין טונקלען פֿאַרגליטע,
פֿאַר די אותיות פֿון רש״י צו בלינד;
נאָר עס עפֿנט אין מיר זיך דאָס ד ר י ט ע,
ס׳דריטע אויג וועט באַהיטן אַצינד.

ווען עס וועלן ווי פֿרוכט מײַנע פּײַנען
בלײַבן ליגן בײַ אײַערע פֿיס —
וועט דאָס דריטע אין מיר זיך צעשײַנען,
און באַמערקן וועט איר עס געוויס.

דעמאָלט זאָלט איר ניט לאָזן קיין טרערן,
נאָר די לאָדן צעעפֿענען ברייט,
וועט אַ מנין ווײַס־קליידיקע שטערן
זאָגן תּהילים געבויגענערהייט.

און אויף מאָרגן — אויב נאָר קיין מלחמה
וועט ניט שפּאַנען איר הייסן חמסין,
ווען אַוועקפֿליִען וועט מײַן נשמה
צו גענאָדיקער וואָגשאָל פֿון דין —

אײַער טאַטע און עלטסטער פֿון ספֿרדן
האָט די לעצטע בקשה צו אײַך:
מײַן געביין זאָלט איר נעמען צום ירדן
און עס זיבן מאָל טובלען אין טײַך.

אויב מלחמה, צי עמעץ וועט קראַנק זײַן,
אָדער וואַסער וועט פֿעלן אין לאַנד —
וועט אײַך דעמאָלט מײַן זעלביקער דאַנק זײַן,
ווען איר זענט מיך מטהר אין זאַמד.

נאָכן ענדיקן זאָלט איר זיך פלײַסן
און באַקלײדן מײַן גוף אַט אַזוי:
אין דעם הײמישן העמד, אין דעם װײַסן,
װאָס גענײט אײַער מאַמע, מײַן פרוי.

אױפן העמד זאָלט איר אָנטאָן מײַן קאַפּטן
מיט די פּאַסן פון גרינלעכן גאָלד;
מיטן טלית אין זילבערנע האַפטן
מיך אין גאַנצן באַהילן איר זאָלט.

און פאַרגעסט ניט באַדעקן דעם טלית
מיטן לופטיקן מאַנטל, װאָס קװאַלט,
װי אין זונפאַרגאַנג פלאַמיקע כװאַליעס,
מיר אַרונטער פון גאַנצער געשטאַלט.

אַרום אײבערקלײד גיט אַ באַצי מיר
די פּאַטשײלע מיט זוניקע פרענדז;
אינעם בוזעם — אַ טיכל, װי אי ן מיר
װאָלט געאָטעמט מײַן האַרץ מײַן פאַרברענטס.

און די פּורפּלנע שטעקשיך, די זאָקן,
און די זײַדענע קעפּקע טוט אָן —
װי לאַניאַדאָ — אַ קינד און אַ זקן,
ערב יום־טוב אין שטוב װאָלט געטאָן.

אין מײַן קעשענע ברענגט אַ מתנה
יין־צמוקים — אַ פּולינקע פלאַש.
און ס'תנכל געדרוקט אין קרעמאָנע
טוט אַרײַן אין דעם אַנדערן טאַש.

און דערנאָך — אָן אָן אונטערשייד ווו דאָ:
אויפן אַלטן בית-עלמין אין ליים,
צי אין זודיקן זאַמד פון יהודה
זאָלט איר בויען דעם טאַטן אַ היים.

און דער קבר זאָל זײַן ווי אַ ברונעם:
איך זאָל שטייענדיק דאָרטן אַרײַן.
איך זאָל שטייענדיק חלומען פון אים
וועגן דעם וואָס בעתיד וועט זײַן.

נאָר געדענקט זשע, אַז פאַרן פאַרשיטן
זאָלט איר, ליבע, געבויגן בײַם ראַנד,
מיר אַ מאַנדלשטאָק פול אַ צעבליטן
געבן שטום אין מײַן ביינִיקער האַנט.

און אַצינד וועל איך זײַן אײַך מגלה
מײַן צוואה, ווײַל ס׳טיילט אונדז אַ שפּאַן:
ס׳איז קיין טויט ניט פאַראַן! מײַנע אַלע
טעג און נעכט שטימען צו: ניט פאַראַן!

ווײַל אַ שלאָף איז ניט אייביק. און בלאָזן
וועט באחרית הימים אַ קול,
ווי עס בלאָזט אין די זאַמדיקע גראָזן
אַ טרומייט פונעם רעגן אַ מאָל —

און וועט מאָנען: לאַניאַדאָ, לאַניאַדאָ,
ביז ווי לאַנג? שוין געענדיקט דײַן שלאָף!
ס׳קאָן אַ פאַסטעך ניט זײַן אָן אַ סטאַדע,
און דו ביסט זײַן פאַרוואָגלטע שאָף!

ס׳קאָן געדויערן יאָרן אַלָפים,
נאָר אַזוי ווערט געשען, ווײַל עס ווערט!
און דערווײַל ווערן טאַנצן חלפים
ס׳ווערן אונטערגיין, אויפבלי̇ען שטעט — — —

ווײַל איך דערמאָן אין זעלביקער קליידונג
נעמען אָנטייל אין יענעם פּאַראַד,
ס׳זאָל ניט זײַן מיטן ה י̇ ײַנ ט קיין צעשיידונג.
און —
געענדיקט איז דאָ דער כּתב־יד.

1948

די שטאָט —
ווי אַן אָזערע וואָלט זיך געשטעלט
אויף די הינטערשטע פיס
און געבליבן אין אימה,
באַצויגן מיט אײַזיקע שופן —
האָט אַ ציטער געטאָן מיט די גרײַז-פיאָלעטענע קנייטשן,
ווען כ׳האָב מיט די פינגער
צערונצלט איר גלאָזיקן פּנים.

עכאָ פון שאָטנס.
געקרייציקטע קלאַנגען.

און איך בין געגאַנגען.

זײַלן פון ליכט,
ווי צעבראָכענע זאַנגען.

און איך בין געגאַנגען.

וווּהין ?
צו געפינען אַ מענטשלעכן אָטעם,
אַ לעבעדיק וואָרט איבער ליימיקע ליפּן,
אַ פּנים צו קאָנען אים זאָגן : גוט מאָרגן !
צוזאַמען מיט דיר האָט די וועלט נאָך אַ קיום,
און ס׳קריכן ניט מער פון די אַרבל קיין שלאַנגען...

און איך בין געגאַנגען.

אַמאָל האָט דער הונגער פֿאַרבלענדט מיך ווי לילית,
און כ׳האָב אויף אַ בוידעם אַ שוואַלב אויפֿגעגעסן.
אַצינד, זיך דערמאָנט, האָט די שוואַלב אויסגעצוויטשערט
פֿון מײַנע שוואַרצאַפּלען איר שוואַלבן־נקמה.
ניטאָ מער אין זיי מײַנע טרערן,
דער פֿויגל
האָט אויסגעפּיקט אַלע
אין דולן געצוויטשער.

אַמאָל, ווען איך בין אין אַ קעלער געלעגן,
בײַנאַנד מיט אַ מת ווי אַ בויגן פּאַפּיר,
באַלויכטן מיט פּאָספּאָרנעם שניי פֿונעם באַלקן —
פֿאַרשריבן האָב איך מיט אַ שטיקעלע קויל
אַ ליד אויף פּאַפּירענעם לײַב פֿון מײַן שכן.
אַצינד איז אַפֿילו קיין טויטער ניטאָ מער, —
באַליידיקטע ווײַסקייט
מיט סאַזשע באַהאַנגען.

און איך בין געגאַנגען.

אַ לאַנג שוין געפֿאַלענער שניי איז געפֿאַלן.
און ס׳האָט זיך באַוויזן מיט פֿײַערלעך קליינע
מײַן היים,
ווי אַ טעמפּל
צעגריזשעט פֿון בליצן...
איך האָב זי דערקענט ווערדליק חלום פֿון קינדהייט.

פארהאַקט ווי אַ שלאָס האָט זיך הינטער מײַן פּלייצע
אַן אָטעם.
און טשוועקעס
געשלאָגן אין לײַב האָט די אײַזערנע שטומקייט.

און בלאָנדזשענדיק איבער די שנייען אין טעמפּל
אַנטפּלעקט האָט זיך מיר אַ באַוואַקסענער מענטש,
געבויגן ווי איך,
צעפּאַטלט און קנאָכיק,
באַשײַנט פון אַן איבערגעפּוילטער לבנה.

— העי, וואַנדלער, ווער ביסטו?
און ס'האָט דער באַוואַקסענער טעמפּ זיך צעוואָיעט:
— ווער ביסטו?

— דערקענסטו מיך?
און יענער מיט זעלביקער שאלה:
— דערקענסטו מיך?

— נשמה?
און ס'האָט דער באַוואַקסענער צוגעטאַנצט נענטער:
— נשמה?

נאָר ווען כ'האָב דערזען אויף זײַן פּנים די קאַרבן,
דערלאַנגט זיך אַהין מיט נצחון אַ לאָז, —
האָט עמעץ אַ סמאַליע געטאָן מיר אין שאַרבן,
און איך בין געפאַלן בײַם גרענעץ פון גלאָז.

1951

1

און ווען ערשט וועסטו פֿאַרמאָלן דאָס בילד פֿון דער ייִדישער גאַס,
מיט פּענדזל געטונקט אין דײַן זוניקן, נײַעם פּאַלעטער, —
זײַ ווייסן: די פֿאַרבן די איצטיקע וועלן זיך שיילן.
דאָס געוועזענע בילד מיט אַ האַק וועט באַפֿאַלן דיך שפּעטער,
פֿאַרוווּנדן אַזוי, אַז דאָס נײַע וועט קיין מאָל ניט היילן.

2

ביסט נײַגעריק געווען צום טויט,
באַליידיקט פֿונעם לעבן.
האָסט איינצײַטיק זיי ביידע ניט געהאַט.
געמיינט: דו וועסט בײַם טויט געפֿינען לעבן
צו ווערן זאַט.

באַווײַז אַ צייכן, אַז דו האָסט געפֿונען
בײַם לויער אויפֿן טויט ס׳געהאַפּטע גליק.
נאָר האָסטו ניט געפֿונען —
קום צוריק.
אַנטוישט פֿון ביידע וועלטן — קום צוריק.

3

עס גייען אויס די פֿלעקן צײַט
ווי שטילע גליווערעס באַגינען.
אָ, נאָענטסטע מײַנע אָן פֿאַרבײַט,
אַוווּ זשע וועל איך אײַך געפֿינען?

אַ שווײַגן שטאַרק ווי משוגעת —
צעווישן אונדז די לאַנגע פּויזע.
כ׳לויף נאָך די פּנימער אין גאַס —
גילגולים־ליכט פֿון אײַער אויסזע.

4

פון גאַנעק דערוויַיטערט —
איז וואָס דיר געבליבן?
— אַ נאָמען, וואָס לויַטערט
און אים זאָלסטו ליבן.
אַ נאָמען, וואָס לויַטערט
און אים זאָלסטו ליבן.

צעהאַקט ווי אַ דימענט
אַ שטאָט אַ פאַרמעגן.
דער שפּליטער פון דימענט
באַלויַכט דיַינע וועגן.
דער שפּליטער פון דימענט
באַלויַכט דיַינע וועגן.

אַזאַ וועט ניט ווערן
קיין עפר ואפר,
ווי לאַנג ס'וועלן טרערן
באַלעבן אַ ספר.
ווי לאַנג ס'וועלן טרערן
באַלעבן אַ ספר.

אין בליאַסק פון שוואַרצאַפּל —
אַ הייליקער גאָרטן.
און פּלוצעם — אַ צאַפּל:
אויס לענדער, ביסט ד אָ ר ט ן.
און פּלוצעם — אַ צאַפּל:
אויס לענדער, ביסט ד אָ ר ט ן.

5

מוזיק פון נאָך מוזיק —
צו דעם קאָן מען דיך גלײַכן.
דײַנע אויגן זענען זונען
אָוועקגעשווומען אויף טײַכן.

פיל־פּנימדיקע שטומקייט
פלייצט פון דײַן יעדער מינע.
אַ געלער אַקסענער האָרן
איז געוואָרן דײַן טשופּרינע.

6

כ׳האָב געהאַט אַ שכן. אויף אַ ביידעמל אַ טויבן,
צווישן רויטן זונגעוועבס און דרימלענדיקע טויבן,
האָט ער ס׳גאַנצע לעבן ברויט געזאַמלט און באַהאַנגען
מיטן ברויט זײַן בוידעם — פון אַ לײַדנשאַפט געפאַנגען.

קיינער האָט ניט מיטגעפילט דעם טעם פון זײַן קמצנות,
אפשר בלויז די טײַבעלעך — באַפליגלטע מאַדאָנעס.
קיינער האָט ניט מיטגעלעבט, ניט זקן און ניט יונגער,
און באַשיצט מיט ברויט — געשטאָרבן איז דער מאַן פון הונגער.

הײַנט אין חלום האָט צו מיר דער קמצן וואָס געשטאַמלט, —
אויפגעוועקט געדאַנקען, אַז ווי ע ר האָב איך געזאַמלט
ס׳גאַנצע לעבן מײַנע ווערטער און מיט זיי באַהאַנגען
הוילע ווענט פון שטיבל, פון אַ לײַדנשאַפט געפאַנגען.

קיינער האָט ניט מיטגעפילט אַ דיכטער אַ מתבודד,
ניט קיין טײַבעלעך־מאַדאָנעס האָבן צאַרט געסודעט.
קיינער האָט ניט מיטגעלעבט, ניט זקן און ניט יונגער
און באַשיצט מיט מײַנע ווערטער — גיי איך אויס פון הונגער.

7

בין מוחל יעדער לויב און טאַדל,
בין סײַ ווי ביזן ביין צעשונדן.
מײַן טרויער שטאַמט פון ריינסטן אַדל:
טורמעניקעס, וואַגאַבונדן.

8

קום, היישעריק דו בליציקער,
שוין אויסגעבענקט פון לאַנג,
באַפאַל, צעפּיק דעם פרעמדן מענטש —
די פלייש-געוועבטע זאַנג.
דעמאָלט וועט דער אַנדערער,
אויסגעטאָן פון טויט,
שלינגען די באַשאַפנקייט,
איר קוואַלנדיקן קערן.
און איך
וועל זײַן דאָס מינדסטע גראָז
פון אונטער אַלע שטערן.

9

די שטילקייט קוואַלט אין מיר ווי סַם, —
און דו, מײַן קינד, וואָס ווייסטו?
פאַרבלענדט, ווי ס׳גייט אַ מילב צום פלאַם,
צו מײַנע ליפּן גייסטו.
און ביידע, ביידע בלײַבן מיר
פון שרעק ניט-אויסגעלייזטע.

10

פאַראַן אַ ביין צעווישן אַלע ביינער,
וואָס אומבאַוואָרעמט בלײַבט ער איינער, איינער,
ווען אַלע פעלדזן פונעם לײַב צעשוועבן,
און ווען דער גײַסט נעמט בײַטן זײַן יסוד.
פון יענעם ביין — איך וועל נאָך בײַ מײַן לעבן
אויסהאַקן מיט האַמער און מיט דלאָט
מײַן פּנים־דענקמאָל, וואָס אים זעט ניט קיינער.

1949

ניט פון מערב קומט צו מיר דער זונפאַרגאַנג צו קוואַלן
אַלע אָוונט, — נאָר פון אייגן האַרץ, וואָס קיינער זעט ניט.
אַלע זונען, ביז־אים אָפּגעוועלטיקטע, זיי פליצן
פונעם האַרצקוואַל, שלינגען און פאַרשלינגען גאַסן, מענטשן,
און איך בלײַב אַליין אין וועלט־סוד, ווי אין אַ פאַרפלייצונג
ס׳בלײַבט אַ בוים שטאָק עלנט מיט משוגע־גרינע אויגן,
וואָס דערקענען ניט די צײַט, די אַלט באַקאַנטע לאַנדשאַפט.
וועגן־שטעגן, זאַנגענפעלד אַנטקעגן — ניט בנמצא.
בלויז אין דער קאַפּויערקייט פון אָפּשפּיגל אַנטפּלעקט זיך
אייגן פּנים...
גאָרנישט זע איך, אָוונטצײַט אין אָפּגלאַנץ
פון צעקוואַלטן זונפאַרגאַנג מײַן אייגענעם, באַשערטן.
גאָרנישט זע איך. בלויז אין דער קאַפּויערקייט, פּאַוואָליע,
רונצלט קדמונדיק מײַן פּנים, עלעהיי אין אורטרוים
וואָלט איך אים געזען שוין ווי אַ מאַסקע פון מײַן שפּעטער:

אָט — אַ בלאָער האַרבסט. געשפּונען פון די זעלבע שטאָפן,
וואָס פון זיי, מסתמא, שפּינט און העקלט די באַשאַפונג
בלאָ געבליץ פון קינדעראויגן, — פול מיט צער און צאַרטקייט.
און די פייגל פּאַטשן היינט פּאַמעלעך מיט די פליגל,
אַז מע זעט ווי יעדער פויגל פּאַטשט מיט צוויי פּאָר פליגל.
פּוסט די גאַס. ווי זאַנגען וואָלטן וואַקסן פון די שטיינער
און אַ קאָסע וואָלט זיי נאָר־וואָס אָפּגעשניטן אַלע.
גלעקער קלינגען, און זיי לאָזן אין דער לופטן פּאַסטקעס
פאַר די שווימענדיקע פייגל מיט די צוויי פּאָר פליגל.
און — מע פירט אונדז ביידן צו פאַרברענונג, — אים, דעם זקן
מיט דער תּורה אויף די הענט, ווי אָקערשט פון באַרג סיני,

מיך, — אַליין אַ פּײַער אין אַ מענטשגעשטאַלט פאַרוואַנדלט,
צו פאַרוואַנדלען אויף דאָס נײַ מײַן מענטשגעשטאַלט אין פּײַער.
גלעקער קלינגען. אויפן שפּיץ פון קלויסטער זיצט אַ טײַוול
און ער ציט די לייצעס בײַ די פערדישע צוויי גלעקער.
גלעקער קלינגען, קלינגען און זיי קלינגען אויס אַ שײַטער
לעבן אַלטער קלויז. מע צווינגט אונדז אויסצוטאָן זיך נאַקעט.
נאַקעט. נאַקעט. נאַקעט. און אַנטקעגן אויף די ווילדע
עקלדיקע עפּלביימער זיצן מײַנע „שכנים",
בײַסן עפּל, יאָגן אָפּ די פליִענדיקע פונקען.

— „זיידע, שעפּטשען מײַנע ליפּן, דאָס איז די באַלוינונג
פאַר מײַן ניט דערלעבטן לעבן? האָט עס אַלץ אַ זינען?
זיידע, ענטפער!"... נאָר דער זקן מיט זײַן לייבן-גריווע
בלאָזט אַוועק די ספקות: — „וואָלסטו וועלן זײַן ווי י ע נ ע
אויפן עפּלבוים אַנטקעגן, אָדער ווי די שלעגער?
זײַן אַ ייִד באַטײַט: זײַן שטענדיק גרייט אויף אַ נסיון,
אויף נסיון און אויף נס". די ווײַסע באָרד באַפּאַנצערט
דאָס געשאַנק פון סיני. און די פּיס דעם זקנס גייען,
טרעטן אויף די הייסע קוילן, ווי אַ גאַנג אויף גראָזן.
זומערפעדעם ווערן די באַגנעטן. און די היטער
שמעלצן זיך ווי וואקס. די פלאַמען טאַנצן אָפּ ווי באַלעמס
פונעם זקנס בלענדנדיקן גוף. עס טוט ניט וויי אים
ס'בלינדע פלייש. געצונדן איז די ווײַסע באָרד, ניטאָ מער, —
ווי לבנה פון אַ וואָלקן זי באַווײַזט זיך ווידער.
מיט אַ פונק צוזאַמען יאָגט פון פאַרמעט דער א נ כ י, —
אָבער אינעם זקנס לײַב און לעבן איז צו זען אים.
וויל איך פאַנגען מ י ַ ן אנכי, אַז ער זאָל באַצווינגען
אַלע פּײַנען, — פאַל איך אונטער אים אין סאַמע פלאַקער,
ווײַל באַשאַפן איז מײַן וואָרט אין אומבײַט פון די ה י ַ נ ט ן,

און אַ נאַריש פּלעמל האָט אים אויסגעברענט פֿון צונג מיר.
נעם איך מיט די ליפּן די צעביסענע פֿון ווייטיק
איבערזאָגן טראָף נאָך טראָף די פּסוקים פֿונעם זקן,
פּסוקים אַלט געבוירענע אין אייביקע אַמאָלן,
און מײַן לײַב ווערט אָנגעטאָן אין זינגענדיקן פּאַנצער.
וואָס פֿאַר אַ באַטײַט שוין האָבן איצט די האַלאָוועשקעס?
מײַנע הענט, געצונדענע, זיי ציִען זיך צום זקן:
— „זײַ געבענטשט פֿאַר דײַנע פּסוקים!" נאָר ניט מעגלעך דאָ־אָ
אָנצוטאַפּן אים שוין. צו די שטערנדלעך די פֿרישע
שוועבט ער אין אַ פֿײַער־וואָגן, שוועבט ווי אליהו,
און איך הייב זײַן שאָטן־מאַנטל ווי אַמאָל אלישע.

1949

— יענע טריט, וואָס אויבן אויף די שטערן פונעם בוידעם,
זענען, מיינסטו, מענטשישע? דו זאָלסט אַזוי ניט מיינען.
דאָס זוכט אונדז פון די שטערן אַ ניט־ערדישע באַשעפעניש,
אונדז, די מענטשן־יאַגדעס אינעם בוידעמדיקן וואַלד.
גיב אַ צונד אַ שוועבעלע און וועסט זיך איבערצייַגן:
אַנטקעגן האָט זי אויפגעפרעסן שוין אַ גאַנצן שינדל...

מייַן בוידעם־שכן הייבט אָן צינדן שוועבעלעך.
אַ צונד —
און איטלעכע — ציש־ציש,
אַ געלער פלעק דערזעט דעם נעפּל,
און שוין פאַרלאָשן, מיטן העלצל ניט באַטאַפּט פון פייַער —
ניטאָ שוין אויפן ביידעמל קיין זווערשטאָף,
קיין לעבן.

דאָס קינד אין פאַוועטינע־פאַנצער, וואָס האָט ביז אַצינד
באַלעבט מיט זייַן געוויין די געלע פינצטערניש,
האָט קענטיק
נאָכגעגעבן יענע לאַנגע פינגער אויף זייַן האַלדז,
פינגער, וואָס צו אַלעמען געהערן זיי, צו אַלעמען,
און מערער ווי צו אַלעמען, קאָן זייַן, צו גאָט אַליין.

דאָס קינדערשע געוויין פעלט אוים ניט ווינציקער ווי אָטעם.
די יונגע מאַמע צערטלט מיט אַ שטיקל גלאָז די אָדערן.
לבנה־קאַרליק, אייַנגעשמידט אין גלעזל, —
שוין געקוילעט.

דער, וואָס האָט געצונדן מיט אַ ווײַלע פריִער שוועבעלעך,
וואָרקעט ווי אַ טויב:
— עס איז ניטאָ קיין טויט אין דרויסן,
אינעווייניק האָט ער זיך פאַרגנבעט, צווישן אונדז,
לאָמיר אים דאָ לאָזן אויפן בוידעם
און אַנטלויפן!

אַליין דער ערשטער לויפט ער צו אַ בוידעם־ווינקל,
עפנט
אַ דאַכלקע און אין צעדולטקייט פאַלט אַהינטערוויַלעכץ:
— ייִדן, ס׳ברענט!
באַהאַלט די האָר אין קעשענע, עס ברענט!!
באַהאַלט די הערצער, ווײַל דער בוידעם ברענט!!!

אַ זײַל פון פורפל־סאַזשע גיט אַן אָטעם פונעם שפעלטל,
באַפלעקט די בוידעם־פנימער באַפעדערטע ווי סאָוועס
און לאָזט שוין ניט אַנטלויפן די באַהאַלטענע.
געענדיקט.

בלויז די שפּין די כיטרע, ווי אַ דימענט אַ פילפּיסיקער,
האַפּסלט אויף דער זײַל פון סאַזשע
אומגעשטערט פון קיינעם,
שאָקלט מיטן קעפּעלע „צום ווידערזען" —
און ווערט ניט.

אַ ייִדל ציט אַרוים פֿון זיבן שמאַטקעלעך אַ הערינג
און חלפּט זיך דעם האַלדז.
אַ צווייטער זינגט:
— לאָמיר אַלע, אַלע דאָ אין איינעם
דעם פֿײַערדיקן גאַסט מקבל פּנים זײַן.
אַ ייִנגל — צאַלקע — וויינט:
כ׳האָב נאָך אין מײַן לעבן ניט קיין קוש געטאָן אַ מיידל.

פּלוצעם וויקלט זיך אַרוים אַ מיידל פֿון די גופֿן,
צוויטיק ווי אַ קאַרשנבוים אין וועסנע,
און איר שטים —
גאָלדקלאַנג פֿון אַ פֿויגל בײַם באַגעגענען זײַן מאַמען:
— ייִדן, כ׳האָב אַזאַ מין שליסל
אַלעמען צו ראַטעווען — — — —

דולקייט ווי אַ שאָטן
טיילט זיך אָפּ פֿון די געהירן.
אויגן — זידנדיקער סַם, —
אין אויפגעבלויטער שטוינונג.
אַפֿילו ס׳טויטע קינד איז פֿול מיט נײַגער
בײַם דערפֿילן,
די וווּנדערלעכע בשׂורה
פֿון דעם מיידלשן משיח.

און ווײַטער רעדט די ליכטגעשטאַלט:
— יאָ, יאָ, איך האָב אַ שליסל
אויסגעשמידט פון זילבער. ס׳האָט אַ ווײַס געקליידטער זקן
אָקערשט מיר געגעבן אים און אָנגעזאָגט אַזוי:
נעם צונויף די ייִדן אויפן בוידעם און אַנטלויפט
געשווינד־געשווינדער אויפן שלאָסבאַרג,
דאָרטן שטייט אַ פּאַלאַץ,
דורות־לאַנג צוריק געבויט פון געדימינען.
דער שליסל איז צו אים,
און קיינער, קיינער
וועט אײַך אינעם איינגעווייד פון פּאַלאַץ ניט געפינען.

עולם איז באַגײַסטערט:
— הייליק מיידל!
עולם קושט זיך.
צאַלקע ווי אַ פּיקסל
טוליעט זיך צו אירע קני:
— מײַן טײַערע, ווער ביסטו?
און ס׳ייִדל, וואָס האָט אָקערשט זיך „געקוויִלעט“ מיט אַ הערינג,
בײַסט געשמאַק דעם הערינג, —
אויב אַ יום־טוב איז אַ יום־טוב.

נאָר דער, וואָס האָט די שוועבעלעך געצונדן,
גיט אַ פרעג
אין מיטן דער פאַרכּישופטקייט דאָס מיידל:
— קאָנסטו אַזוי גוט זײַן און דעם שליסל אונדז באַווײַזן?

ס׳מיידל צאַפּלט:
— יאָ, פאַרשטייט זיך,
באַלד, אַ רגע, אָט — — — —
זוכט אים אין די קליידער,
לעבן הארצן,
אין די זאָקן.

— מאַמינקע,
ס׳האָט אָקערשט מיר געגעבן אים דער זקן!

— וואָסער זקן?
ווי זײַן נאָמען, ווי זײַן אויסזען? מאָל אים!

— אַך, דער שליסל איז געבליבן
אין זײַן האַנט,
אין חלום — — — —

1949

א

פון זינט איך געדענק האָט געפּינצטערט בײַ אונדז אין כאַלופּע
אַ הויקערדיק אַלטע מפּולת, אַ יענוועלטיק צימער.
אַזוי ווי ס'וואָלט עמעץ פון וואָלקנס געשפּונען אַ חופּה
פאַר שאָטן־געשטאַלטן, געבוירן פון בליציקן שימער.
די ווענט האָבן שטומע געוואָיעט מיט הינטישע שוועמלעך
אין פינצטערניש באָבעדיק בלינדער, פאַרקניפּט אין אַ קאָלטן.
און פּלוצעם — עס פלעגן אַ פלייץ געבן זילבערנע פלעמלעך,
ווי טראָפּנס פון הילצערנע עמערס וואָס זענען צעשפּאָלטן.
דאָס פלעגט די לבנה אַרײַנפאַלן ווען דורכן קוימען,
אַרויסגיין פון אויוון און גלײַך — אין די קאַצאויגן גרינע
וואָס הענגען דערבײַ ווי אַליין, ווי אומצײַטיקע פלוימען.
דערנאָך, ווען עס פלעגט זי אַ פאַנג טאָן די נעץ פּאַוועטינע —
אַ יונגע רוסאַלקע אין הענט פון אַ פישער אַ זקן —
צעפּײַניקן פלעגט זי מיט זילבער־קאָנוווּלסיעס דאָס צימער,
די ליימענע ריפּן פון באַלקן, אין מיטן — דעם האָקן,
און אַלע געשטאַלטן געבוירן פון בליציקן שימער...
דער האָקן — אַ פרעגצייכן, שטענדיק אָן איבערגעקערטער,
אויף אים האָט זיך תּמיד געבאָמבלט אַ לעדערן בענדל,
אויף אים האָט אַמאָל זיך געהאַנגען אַ מענטש ווי אַ הענדל,
אַלמאַי ס'האָט אַ מיידל באַגאָסן מיט גיפט זײַנע ווערטער.
כ'האָב ליב געהאַט קעגן מײַן ווילן אָט דאָ זיך באַהאַלטן,
אַוועקלייגן זיך אויף אַ לאָנקע פון קליידער— און טרוימען
אַנטקעגן דער קאַץ וואָס אין אויוון צעפּאַלענעם, קאַלטן,
און זען ווי עס קוואַלט די רוסאַלקע אַרײַן דורכן קוימען.

ב

ס׳באַהערשט אַזאַ תּענוג צו פילן דעם סם פון אַליינקייט.
צו שמעקן די ריחות פון היימישע, בלומיקע קליידער.
אָט דאָ האָט מײַן ליד זיך געפּליעסקעט אין ימען פון שיינקייט.
און כ׳וואָלט ניט באַדײַ אויף אַ פּאַלאַץ פאַרביטן דעם חדר.
געפּוסטעוועט האָט דער פאַרסאַזשעטער אויוון אין פּחדים.
שוואַרצפּערלדיק מאַט איז די פינצטערניש אונטער די ציגל.
און דאָ האָט מײַן מאַמע באַהאַלטן די אייביקע בגדים, —
אַ בינטעלע ווײַסצײַג ווי בלענד פון מלאָכישע פליגל.
אַ יונגע אלמנה, צו דרײַסיק — האָט זי שוין באַצײַטנס
געקויפט זיי אין הייליקער בענקשאַפט צום טאַטן. זײַן פּנים
אין טײַגע סיבירער, האָט לויטער געבענקט פון דער ווײַטנס.
מיט אייביקע בגדים איז מילדער צו לעבן דאָ אָן אים.
און איין מאָל, אָ גאָט, ווען איך בין נאָך געווען אַ יינגל,
זי האָט אויף איר לעבעדיק לײַב זיי בסוד אָנגעצויגן.
באַשײַנט האָט דעם צימער די זון פון איר גילדענעם רינגל,
געשטראַלט פון צעשפּאָלטענעם שפּיגלם פּולטעריקע אויגן:
פיר כּלות מיט זעלביקע פּנימער גליקלעך צערייטלט...
פיר כּלות מיט גילדענע רינגען אין זײַדענע פלאַמען...
דאָס טונקעלע טירל איז גראָד ניט געווען צוגעקייטלט, —
אַזוי ווי אַ שטיין איז געפאַלן מײַן אוי אין דער מאַמען.
פון דעמאָלט זיי ליגן באַהאַלטן, די אייביקע בגדים,
אין פינצטערן אויוון צוזאַמען מיט פלעשער אויף פּסח.
געבליבן איז בלויז אין די האָר — פונעם ווײַסצײַג אַ פאָדעם,
וואָס האָט זיך צעפעדעמט אין ווײַסקייטן דינע—דאָס ווייס איך.

ג

אַ, גורל, דו שאָטן מיט אויגן פון בלוט, ביסט קאַפּאַבל
אומזעעוודיק נאָכשווימען מײַנע געדאַנקען, דו שווימער!
און אָט האָסטו גאָר זיך פאַרוואַנדלט אַליין אין אַ מבול,
אַ מבול צווייפיסיקע מענטשן וואָס פלייצט אויפן צימער.
געשווינד האָט די מאַמע אין אויוון אַ האַנט אײַנגעטונקען,
געגישטערט אין פינצטערניש־פידל צעווישן די קלאַנגען,
און באַלד איז דאָס בינטעלע ווײַסצײַג באַפּישופּט מיט פונקען
אין מיטה פון צימער אויף קליינינקע אַקסלען געהאַנגען.
אַנשטאָט דער רוסאַלקע אַ פּלי האָט געטאָן אַ וואָראָנע
פון קוימען אַרויס מיטן שנאָבל אין וווּנדיקן שפּיגל.
געלויכטן אין זוניקן שניי האָט דערבײַ די אלמנה —
אַ קאַרשנבוים אונטער אַ זעג אין אַ צוויטיקן עיגול.
נאָר ווי אַ פּינפּעקיקער תּהום איז געבליבן בײַם הארצן
ס׳געמעל פון די אייגענע סאַזשע־געטונקענע פינגער.
געקוואַלט האָט די שוואַרצקייט אין זוניקער שײַן פון איר הארצן,
און גלייכצײַטיק האָבן די אויגן צעפינקלט זיך יינגער.
אַזוי איז מײַן מאַמע געגאַנגען צום ליכט פון עקידה.
צום טאַטן דעם שניימענטש מיט רויטינקער פידל — געגאַנגען.
אַ שניישטורעם־בענקשאַפט צוזאַמענגעצונדן האָטביידע,
און דעמאָלט איז אויך אינעם שטורעם דאָס צימער פאַרגאַנגען.
און איך, איין־אַליין, פון גיהנום פאַרטריבענער אדם,
בין אַלץ אונטערטעניק דעם בת־ קול צו זײַן אַ באַזינגער.
מײַן פלייש איז באַצויגן מיט אירע, די אייביקע בגדים,
און ס׳האַרץ איז פאַרזיגלט מיט סאַזשע־געטונקענע פינגער.

1950

אויפן שולהויף — שטיינער, שטיינער. ניט געבליבן דאָ שוין קיינער.
שאָטנס וואָגלען אונטער שנייען אין לבנהס מידן גלאַנץ.
בלויז דער לעצטער ווילנער סופר, אין באַהעלטעניש, אָן אויפהער,
בלאָזט אין ווייַסן פּייַער שוואַרצן מיט אַ פּענע פון אַ גאַנדז.

אייַנגעפּאַנצערט קעגן שטורעם צאַנקט דאָס לעמפּל אין יסורים,
ניט פון בוימל — פון זייַן גלויבן זייגט פּאַוואָלינקע דער קנויט.
נאָר ס׳געשעט אַ מעשׂה נורא: עמעץ גייט. עס בלייכט די תּורה.
און די פּענע בייַ לא תרצח גיט אַ צאַפּל ווי אַ הויט...

אָפּגעהאַקט דעם סופרס אָטעם. ס׳בליצט קאַפּויער דאָס געבאָט אים:
— ניין, אַ טעות, צו דעם ר ש ע איז בלויז אָנגעזאָגט דער לא...
אָנגעזאָגט און — גרין פון שׂינאה אָט־אָ קומט ער אין מאַלינע,
מיטן אויפגעבלאַנקטן מעסער, מיט דער יוכע פון אַ גוי.

אויסטערליש! ווייַל קוים געגענט ער צו דעם זקן נענטער, נענטער —
דעמאָלט גליטשט ער גראָד זיך אויסעט, אויף זייַן אייגן מעסער פאַלט.
אויסגעצויגן אין שטיוואָלעס קעגן זקן אינעם טלית
מיט זייַן הילצערדיקער וואָנצע קלאַפּט ער אוים: געוואַלד, געוואַלד!

צוגעזען — דער גוי געראַנעט, פרעגט דער זקן ניט פון וואַנעט...
הייבט גאָר אונטער דעם בעל־דבר צו אַ בענקל: זעץ זיך, אָט — —
ברענגט דאָס לעמפּל, קוקט געניער, און פאַרהאַלט דאָס בלוט פון פויער
מיטן טלית. און די פּענע ענדיקט קריצן דאָס געבאָט.

— פאַניע גזלן, זאָג לא תרצח, זאָג לא תרצח ווי עס פּירטצאַך,
(קעגןביידן בליצט דאָס מעסער דאָ אין רויט און דאָ אין בלוי...)
און עס צלמט זיך דער פאַניע און צעדולט פון האָרעוואַניע
מיט זייַן הילצערדיקער וואָנצע קלאַפּט ער אוים: יעי באָהו, ללאָי.

1949

דער פלאַנץ אין מײַן וואַזאָן האָט מיר דערמאָנט:
געגליכן בין איך דאָ צו אים אין גאַנצן.
די ערד פון אַלטער היים, וואָס היימיש נאָנט,
איז צוגעקלעפּט צו זײַנע יונגע פלאַנצן
און בלעטערט אוים אַ חלום, וואָס באַשײַנט
ס׳געהיימע ליכט פון זעונגען צעגליטע.
איך בין געגליכן צום וואַזאָן, מײַן פרײַנד,
און אָטעם אוים די געטאָ-בלום פון ליטע.

אָ, זעונגען, ווער שינדט אייך פאַס נאָך פאַס
פון מײַנע רעגנבויגנדיקע גלידער?
...די מויערן געליימט פון משוגעת,
מיט האַלאָוועשקע-אויגן און מיט לידער.
אַ קוימענקערער קלעטערט אויף אַ דאַך,
אַנטקעגן, די לבנה איז נשתומם:
וואָס טוט דער קוימענקערער פון תנך?
אַ פּיצל קינד באַהאַלט ער אין אַ קוימען.

אָ, זעונגען, אַט בין איך דאָך אַליין,
אַרויסגעבליצט פון אײַערע געמעלער,
און שאַר זיך מיט אַ פאַרמעט אין די ציין,
באַהאַלטן מײַן צוואה אין אַ קעלער.
נאָר מיט אַ מאָל: פון סאַזשעדיקן ברוק
ווער שימערט עס אין קיניגלעכן כבוד?
אַ ווײַסע, מירמלנע סטאַטוע — קוק:
און איך דערקען — ס׳איז אַנטאָקאָלסקיס ד ו ד.

דערמאָן איך זיך: צוריק דרײַ טויזנט יאָר
געפירט האָט דוד שלאַכטן פאַר דעם זאָמען, —
באַשטימט מיך צו געבוירן דעם אַ דור,
און אײַנגעשטעלט זײַן לעבן פאַר מײַן נאָמען...
אַצינד וועל איך, באַהערשט פון דעם געדאַנק,
ווען אַלע שטעגן ווערן ענגער, שמעלער,
אים אָפּצאָלן מיט וואָס איך קאָן — אַ דאַנק.
און איך באַהאַלט פון שׂונא אים אין קעלער...

באַגלייט פון אַש כ'בין ווידער אין מײַן שטאָט,
איר אויסגעקוילעטקייט ווי זאָל איך מאָלן?
אַזוי ווי זעלבסטמאָרד וואָלט באַגאַנגען גאָט
און ליגט צעגלידערט איבער בערג און טאָלן.
זײַן לײַב איז יעדער ציגל פון אַ קלויז,
אַ שאַליקל פאַרטשעפּעט אויף אַ תּליה;
און ס'איז די געלע אָונטזון, דוכט אויס,
דער קאָפּ זײַנער, וואָס שווימט אין דער ווילִיע.

נאָר דעמאָלט, אין דער זעלביקער סעקונד,
ווען כ'וויל די אויגן אויסשטעכן אָן דאָרן,
צעגיין ווי זאַלץ אין אומענדלעכער ווּנד —
קלינגט אויף אַ מירמל-ניגון אין זכּרון,
ווי ס'וואָלטן אויפגערירט אַ קלאַוויאַטור
צוויי צויבערהענט אין איידלקייט אין העלער.
און גאָט ווערט לעבעדיק אין דער נאַטור —
דאָס רופט דער קיניג דוד מיך פון קעלער.

די פינצטערניש אין קעלער איז מײַן היים.
צוויי פונקען־מורדים לויערן אַנטקעגן.
און אַז איך גראַב דעם קיניג אוים פון ליים —
אַליין דער מירמל נעמט זיך איצט באַוועגן.
ס׳דערלאַנגען אויגן מענטשלעכע אַ צוק,
ס׳דערלאַנגט אַ קלונג אַ שווערד בײַ דער סטאַטוע.
דער קיניג שפּאַנט... און איך בין ווי דער ברוק,
וואָס איבער אים טוט שפּאַנען די נבואה.

...און אַנטאָקאָלסקים ד ו ד אין זײַן פּראַכט
פאַרשווונדן איז פון שטאָט. איך האָב אויף ס׳נײַ אים
צום דריטן מאָל, אין זומערבליץ, בײַ נאַכט,
געזען באַלויכטן לעם ירושלים.
אומגלייביק, ברודער, אַנטאָן זאָל זיך שטיין
אין בלוט און פלייש, באַהערשן צײַט און געגנט...
נאָר מיטן שׂכל וויל עם ניט פאַרשטיין.
מיר האָבן ביידע זיך אויף ס׳נײַ באַגעגנט.

1951

אויפן וואַסער שווימט אַ קאָפּ, און אַנשטאָט אַקסלען, אים קאַפּויער,
צוגעפּליישט צו יענעם, — זינגט אַ צווייטער אים אַ הימען.
ס'האָט אַ מ ע נ ט ש אַ האַק זיי ביידן אָפּגעהאַקט דאָס גליק און טרויער,
דעמאָלט אויפן טײַך געלאָזן צו דער פרײַהייט שווימען, שווימען.

צווישן ליליעס אויפן ברעג זײַן גוף אָנקעפּיק שלאָפט בשלום, —
אַז אַן אויגנבליק אַפריִער האָט זײַן ליבסטע אים געצויגן!
פּלוצעם גיט זײַן האַרץ אַ שוידער ווי ס'וואָלט אויסגעפּעלט אים חלום,
וויל ער עפענען די אויגן — אַ! ניטאָ די אויגן.

וויל ער פאַנגען דעם זכרון ווי אַ סערפּ אַ בינטל קאָרן, —
זענען אים אַנטרונען די געדאַנקען ווי אין קברים.
וויל ער אויסבײַטן דעם חלום אויף דער בלינדסטער פון די וואָרן,
ווײַלע דאָרטן בענקט זײַן ליבסטע, — האָט זיך אָפּגעטאָן די וואָר אים.

וויל ער כאָטשבי אים זאָל ווײ טאָן, אַז די בינען פון יסורים
זאָלן אויסלייגן דעם האָניק פון די ווונדערלעכסטע ליידן, —
איז ניטאָ קיין ווייטיק! און, דער עיקר, אויפן טורעם
וואַרט זײַן ליבסטע, און ער קאָן איר גאָרנישט ניט באַשיידן.

נאָר זײַן האַרץ, וואָס האַלט אין קלאַפּן, שפּינט געדאַנקען אין דער שקיעה:
— קאָן דער נ י ט - ז י י ן עקסיסטירן אָן יסורים, איז דען מעגלעך?
עפנט זיך אין האַרץ אַ וויִע און ער זעט דורך יענער וויִע —
אויפן וואַסער שווימט זײַן קאָפּ, וואָס האָט געוווינט אויף אים טאָג-טעגלעך.

שעפּט ער אַן געהיימע כּוחות פון אַן אַנדער עקסיסטירונג,
באַץ אין וואַסער נאָכן קאָפּ מיט אימפּעטיקן קלאַפּטער:
— ניטע, פריינד, אַלמאַי זאָלסט דו אַוועקשווימען, מיין צירונג?!
און ס׳דעריאָגט דעם שווימענדיקן מיט זיין לעצטע קראַפט ער...

— שווים אַריין אין מיינע אַקסלען, לעב אויף מיר, באַגייסטער,
שולדיק איז מיין חלום, דאָס איז ער פון אַלץ די סיבה.
איז דען מעגלעך קומען אַן אַ קאָפּ צו מיין געטריישטער,
וועט זי גלייבן אין אַזאַ מין ליבע?

אויסטערליש! דער קאָפּ מיט אַ געלעכטערל קוקט אָן אים:
— קאַליקע, אַוועק! איך קאָן ניט ליידן קיין שלימזלען.
ס׳עקלט מיר פון דיינע הענט, וואָס טאַפּן אָן מיין פּנים,
ווי צו דיר! און אייביק לעבן זאָל דער גוטער גזלן.

דעמאָלט ——— וואָס איז דעמאָלט? עס באַפאַלט דער גוף זיין שׂונא
שווימענדיקערהייט, און ביידע ראַנגלען זיך ווי איינער.
ס׳בלוטיקט שוין די אייביקייט אין וואַסער, פון דער בוינע,
און דער קאָפּ צעזעגט זיין אייגן האַרץ מיט זיינע ציינער...

נאָכט. פאַרזונקען שוין דער גוף. נאָר אויבן טרייבט זיין קאָפּ קאַטאָוועס:
— פויל אין וואַסער, שמאַטע, כ׳קאָן ניט ליידן קיין שלימזלען.

*

ס׳איז די מעשׂה ניט געשען אין לאַנד פון פּרקי אָבות,
דעמאָלט האָט אַ שאַרבן נאָך ניט אָפּגעדאַנקט זיין גזלן.

1949

געבליבן איז הענגען בײַם תּהום אַן אַכסניה,
אַ שטיבל אַ קליינס ווי בײַם בלאָען שאַגאַלן,
וווּ מאָטקע חבד, פֿאַר אַ ווילער קאָמפּאַניע,
דערציילט זײַנע וויצן, וואָס קוועלן און קוואַלן.

זײַן פּנים — אַ פּנים צעקנייטשטע זכרונות,
אַ נאָז — אַ הלצה אין טאַבעק פֿאַרגעלטן;
אַ ציבעלע־קראַנץ אויפֿן קאָפּ ווי אַ קרוין איז
צו קיניגן איבער די וויציקע וועלטן.

מיט בערד מיט צעפּלאָשעטע קוועלן די טיפֿן,
צעלייגטע אויף בענק און אויף טישן ווי פּריצים;
עס פּלאַצן פֿון לאַכן די שטאָלענע ריפּן,
און איינער איז טויט — ס׳האָט געטראָפֿן אַ וויץ אים!

די שויבן אין שניי־פֿיפֿערנאָטערס געשמידטע, —
פּאַוואָלינקע נעמען זיי צַפּגיין און קלאָרן...
און באַץ דורך די שויבן! — פֿון ערגעץ אין ליטע
אַ חתונה קומט אין אַכסניה צו פֿאָרן.

זי קומט אין אַכסניה מיט פֿערד און מיט שליטן
(אַ פֿויערל שפּילט אויף אַ רויטן האַרמאָניק).
און ס׳וויקלט זיך אוים צווישן קלעזמער אין מיטן
אַ כּלה, געשלייערט אין עסיק און האָניק.

די בערדיקע יידן, צעמישט פון דער וואָדקע,
דערזעען אַ חופּה מיט גילדענע שטאַנגען.
דערלאַנגט שוין אַ טאַנץ אויפן טיש אונדזער מאָטקע:
— אוי, כּלהלע וויין, ווייל דו ביסט שוין געפאַנגען...

ס'געשעט דאָס פאַרקערטע: וואָס זאָל עס באַטייטן?
די כּלה גאָר לאַכט, און צוזאַמען, אין שטורעם —
עס לאַכן די פידלען, די ווילדע שיכּורים,
און איך, פאַר זיי אַלעמען, וויין פון דער ווייטן.

1948

מײַן בוידעמטירל איז געווען אַ שער־בלאַט פון אַ גוואַלדיקן
קבלה־ספר, ווען מײַן ליבסטע פלעגט עס טאָן אַן עפן.
מיר פלעגן ביידע בלאָנדזשען אין זײַן חלום אין דעם וואַלדיקן
און בלאָנדזשענדיק דעם סוד פון אַלע טונקלענישן טרעפן.

כ׳האָב ליב געהאַט דעם רעגן דורך די עפענונגען שמאָלינקע
פון באַלקן, ווען ער האָט געזאַלבט מײַן ליד מיט זײַנע טראָפּנס,
פאַרוואַנדלט אין אַ לאָנקע מײַנע ביינער מיר פאַוואָלינקע, —
אַ רעגן־בויגן־לאָנקע מיט אַ פייגעלע צוקאָפּנס.

כ׳האָב ליב געהאַט די יאָדלע אין מײַן פענצטער, אַ באַלאָדענע
פון אויבן ביז אַראָפּ מיט שנייען אָטעמדיק צעגליטע,
אַזוי ווי אין מײַן מאַמעס קיך די מילך די אויפגעזאָדענע
לויפט־אויס פון שוואַרצן פענדל אויף דער זשיפּענדיקער פּליטע.

כ׳האָב ליב געהאַט די שאָטנס מיט די קעפּ קאַפּויער שוועבנדיק,
ווען העלצער האָבן זיך צעבליט מיט זונען פון לאַמטערנעס.
כ׳האָב ליב געהאַט די שאָטנס, ווײַל מע האַלט זיי ניט פאַר לעבעדיק...
דערלאַנגען פלעג איך זיי צום עסן עפּעלעך און בערנעס.

1949

א פרוי דערציילט:

דעם אונטערפעלדזיקן דו קענסט?
אַנטפּלעק איך אים: ס'איז מײַן געליבטער!
און שטענדיק היט מיך זײַן געשפּענסט,
און טאָפּל ווי געוועזן ליבט ער.

קאַפּויער, ווי אין אויג פון טײַך
אַ וואָלקן מיט אַ שווערד אין פלאַמען —
צו דעם איז מײַן געליבטער גלײַך
און אָטעמט מיט מײַן מויל צוזאַמען.

ווי צוגעוואַקסן צו מײַן שפּאַן —
פון אונטער פעלדזן טוט ער שפּרײַזן.
געגעגנט מיט ליבעדאָרשט אַ מאַן —
פאַרטיליקט אים זײַן בלענדיק אײַזן.

און זאָגן זאָגט ער מיר: ביז וואַן
געבוירן וועסט ניט פון אונדז ביידן
אַ קינד — וועל איך, דער טויטער מאַן,
מיט דיר ניט קאָנען זיך צעשיידן.

1949

אַ בליץ אויף די שויבן —
רעגן, וווּהין?
אויפֿן האַלדז די קייט ווערט ענגער.
— לויף פּאַעט,
ס'קאָן ווערן שפּעט,
אויפֿן האַלדז די קייט ווערט ענגער.
נאָר ס'לאָזט מיך ניט לויפֿן צום פֿרײַנד, בײַם ים,
דער מאַנטל וואָס ליגט אויפֿן דיל — — — — מסתּם
איז אים ניט געפֿעלן דער הענגער.

— מאַך זיך ניט נאַריש, אָן אונטערשייד
אַ מאַנטל — געהאַנגען, געלעגן?
לויף, פּאָעט,
ס'קאָן ווערן שפּעט,
און דײַן פֿרײַנד וועט צעגיין פֿון רעגן.
דײַן פֿרײַנד איז אַ בענקשאַפֿט אין צורה פֿון מענטש,
אין ווערטער
מע קאָן אים ניט שאַצן.
ווערסטו ניט קומען וועט פּלאַצן זײַן האַרץ,
אַזוי ווי אַ דונער — פּלאַצן!

ס'איז ניט אַזוי פּשוט...
זײַן רעגן־כּתבֿ־יד
באַלײַכט דער בליץ אויף די שויבן:
— דער מאַנטל וואָס ליגט אויף דער ערד איז אַ שלאַק
מיט וואַרעמע, הייליקע טויבן.

ווידער אַ בליץ —
און איך לייען אַ שויב.
ס'צעפּליִען די אותיות אין חדר.
זיי פּיקן אין שלייף:
— אַז אַ מאַנטל פאַלט,
הייב זיך ניט אָן מיט קליידער.
ניט וועק פון שלאָף
דעם טויטן שטאָף
און ווען וועסטו וועקן — ווי דיר!

נאַקעט,
באַשלאָגן מיט אײַזיקן אַנגסט,
לויף איך דעם ים אַנטקעגן,
צו מײַן איינציקן פרײַנד אין רעגן.
נאָר די מאַנטלקנעפּ,
ווי אויגן פון גאָט,
יאָגן מיר נאָך אויף די וועגן:
— וווּהין? דײַן פרײַנד איז אַ מאַנטל-געשטאַלט
און ליגט אויפן דיל ווי געלעגן...

1950

אין מיטן גאַס האָט עמעץ מיר פאַרשטעלט
מיט נעפּלהענט די אויגן און מײַן וועלט:
— אַנו, באַשייד, ווער האָט עס דיר פאַרשטעלט?

עס האָבן אויפגעגלאַנצט באַקאַנטע נעמען:
— מרים, גאָלדע, רייזל...
— ניין און ניין.
— פון וועמען זענען אָט די הענט, פון וועמען?
— ביסט געווען דאָס רעגן-בויגן-גראָז אין מײַן געוויין!

און מיט אַ מאָל
האָט זיך פאַרוואַנדלט ס׳קול
אין לעבעדיקן ווען.
ווען כ׳וואָלט באַגעגנט זיך אַליין
וואָלט ענלעכם ניט געוועזן:

— דו? ווי ביסטו אויפגעשטאַנען תּחית — — —

און זי האָט אויפגעשמייכלט מיט די פּיאָלעטע ווִיעס:
— כ׳בין דעם פײַער ניט געפעלן,
מילא, ניין איז ניין.

דעמאָלט האָב איך שטומערהייט געזאָגט צו מײַן געטרײַער:
— כ׳האָב גלייבן ניט געקאָנט, אַז פײַער
זאָל האָבן „הארץ״ דיך אײַנצושלינגען. איצט
אַ לעבן לאַנג וועל איך ניט קאָנען גלייבן
און אומגלייבן וועט פײַניקן מײַן רו,
אַז דו ביסט גאָר אַ לעבעדיקע, היימישע, דו, דו.

1949

## פאַרשעמטע

זע, עס וואָגלען צווישן אונדז פאַרשעמטע,
זייער ציפער
אויסגעצונדן אויפן האַנט
מיט רויטער קויל פון גיהנום.
קיינער וויל ניט זען אים
אַזוי אימהדיק צעזאָטן,
ווי אַ הויקער וויל ניט זען זײַן שאָטן.

זע, עס וואָגלען צווישן אונדז פאַרשעמטע,
קליינע, דינע,
באַהאַלטן די פאַרשעמטקייט אין אַ הייל, אין אַ רויִנע.
און דאַנקען גאָט, וואָס פון די יאַסלעס
האָט דערווײַל נאָך קיינער
ניט אויסגעזויגן זייער טראָפּן שׂינאה.

נאָר ס׳טרעפט, אין אומפאַרשעמטער נאַכט,
ווען די פאַרשעמטע ליגן
מיט אויגן גרין, ווי קרויט וואָס אין מײַדאַנעק —
רײַסט זיך אָפּ אַליין פון הויט
דער ציפער ווי אַ ניגון,
איז דעם געדולד מקצר,
פלאַטערט, און באַווײַזט זיך אינעם פּאַלאַץ,
ווו ס׳טאַנצט אַ יאַטקעטאַנץ אַ נײַ־משוגענער בלשאצר.

1951

1

דו האָסט מיך באַשאַפֿן אַזוי ווי אַ קינד
באַשאַפֿט זיך אַ שניימענטש לכּבוד זײַן חלום.
ניטאָ מער דאָס קינד.
און איך בין אַצינד
עלטער פֿון דיר, מײַן באַשאַפֿער.

וואָס קעלטער די אײַזיקייט שמידט מײַן געביין —
אַלץ רויזיק צעגליטער די זון אין זכּרון.
די זון קאָן דעם אײַז ניט צעשמעלצן,
דער אײַז קאָן די זון ניט פֿאַרלעשן, —
אַ צווילינג פֿון לײַבלעכע שׂונאים.

זיי פֿירן אַ שלאַכט אויף מײַן פּנים.

2

אײַך ביידן האָב איך ליב געהאַט. עס איז געווען מײַן האַרץ
אַ וואַלגערשטיין אין וויסטעניש. און מײַן באַשערטער ניגון
איז דאָרט געלעגן אײַנגעקאָרטשעט ווי אַ בליץ אין קייטן,
פֿאַרמישפּט ניט צו קאָנען זיך באַלײַכטן און באַזינגען.
ווי לעבעדיקע כוואַליע־וועזנס, קינדער פֿון אַ מיטאָס,
האָט איר זיך אָנגעשלאָגן מיט די ליפּן אָן מײַן האַרץ,
אַזעלכע גאָט־געבענטשטע, זון־געבוירענע,
און מיט אַ שושקערײַ באַפֿרײַט דעם ניגון.

3

ווײַל זי האָט געוואָלט צו מיר געהערן
פולקום אין איר שיינקייט — נאָך מײַן טויט,
ניט צעקנייטשן זאָל די צײַט איר הויט,
ניט פאַרוויאַנען זאָלן אירע טרערן —
איז זי אויסגעגאַנגען ווי מוזיק
אין היימישן לבנה־טאָל. און דאָרטן
שימערט נאָך די ליבשאַפט אין איר בליק,
ווי אַמאָל ביים אויפצאַפּל אין גאָרטן.

ווען צעפּלאַצן וועט מײַן האַרץ פון לידער,
קומען צו איר שוועל
איך וועל
אַ מידער —
וועט זי מיך באַגעגענען אַ יונגע, ווי אַמאָל,
און מיט שמייכלען, זילבערדיקע זאַלבן,
אַרײַנבלאָזן אַ גײַסט אין טויטע שוואַלבן.

4

ניט פון קופּער איז געהאַמערט צווישן אונדז די וואַנט, —
ס'וואָלטן זי צעשאָקלט מײַנע האַמערס, מײַנע דלאָטן.
אויסגעבויט איז זי פון לופט, איר בויער — אומבאַקאַנט,
ליגט צעשמעטערט בײַ איר ליכט מײַן שאָטן...

5

„דיך האָבן ניט געבוירן טאַטע־מאַמע,
נאָר מיר, די רויך־לעגיאָנען, וואָס מיר וואָגלען
געלאָדענע מיט בליצן און מיט האָגלען...
אָ, מיר, די טויטע, וואָס אין טויט מיר לעבן,
געבוירן האָבן דיך מיט אונדזער ליבע.
אַנטלויפסט? נאָר מיר, די רויך־לעגיאָנען, שוועבן
ווי היישעריקן מער פון ששים ריבוא...
מיר האָבן אונדזער צײַט פאַר דיר געלאָזן,
ווי בלעטער פיל ניט אויפגעשניטן אין אַ בוך. און שפּעטער —
צעגאַנגען אין אַ פונקעניש־געקלעטער
און זיך אין קאַלטע עולמות צעבלאָזן.

האָסט אויפגעשניטן אונדזער צײַט און ווייסט ניט.
מיר זענען דער געדאַנק וואָס דו פאַרשטייסט ניט.
און זאָגן דיר אין אויער סתּם, אָן טענה:
דײַן תּענוג, דײַן געזאַנג — צו אונדז געהערן.
אַפילו דײַן געטרײַע איז ניט דײַנע,
און דײַנע זענען אויך ניט דײַנע טרערן".

6

כ׳האָב הײַנט ביים שנײַדן ברויט
צעשניטן זיך אַ פינגער.
(דאָס אַליין וואָלט ניט געווען קיין סיבה
פאַר אַ ליד),
נאָר ס׳מיידעלע איז בלייך געוואָרן,
אָנגעהויבן צוקן,
און ס׳האָט אַ בלאָער מלאך זיך פאַרוואָלקנט אין איר בליק:
— לאָז אַרײַן דאָס בלוט צוריק,
איך קאָן אויף דעם ניט קוקן...

מײַן קינד,
ווי פשוט, קינדיש-גרוים און דיכטעריש
האָסטו אויסגעמאָלן דײַן פאַרלאַנג!
מײַנער איז ער אויך, נאָר איך האָב לאַנג,
אַזוי ווי דו, אים ניט געקאָנט אין לידער
פאָרמולירן.

דעריבער פלעג איך וויינען אין די נעכט,
זיך שלאָגן קאָפּ אָן חלום,
קאָפּ אָן קלאַנגען,
אָן קאָלירן.

ענטפער דו,
פאַרמאָגסט דאָך ווערטער נײַערע —
ווי לאָזט מען טאַקע ס׳בלוט אַרײַן צוריק
אין אַלע טײַערע?

7

זונרויזן בײַם פענצטער, מיט די בלעטערקרוינען געלע,
פּנימער וואָס זענען בלויז געהעקלט פון שוואַרצאַפּלען —
וואָסער ווונדער האָט זיי דאָ געבוירן, וואָסער פּלא?
נײַן, דאָס זענען היים-גלגולים וואָס אין טרערן צאַפּלען.

כ'האָב די זונרויזן געלאָזן הפקר בײַ מײַן גאַניק,
איינינקער אַליין אין געל-סעפּטעמבערדיקן צאַנקען.
קינדער לאָזט מען אַזוי איבער אין אַ דולער פּאַניק,
ווען אַ שׂרפה שפּיגלט האַלאָוועשקעס פון געדאַנקען.

זונרויזן איינפּיסיקע מיט שטערן אויף די קרוינען,
כ'וועל אין אײַער שאָטן איצטער וווינען.

8

פאַרגעפילן פּיקן נאָך אַנאַנד
ווי שוואַרצע טויבן:
עמעץ קומט צעשטויבן
דײַן געראַטעוועטן גלויבן.

פאַרגעפילן שיילן אָפּ די מאַסקעס
און באַווײַזן
פּנימער פון אײַזן...

פאַרגעפילן גרוילן און באַפוילן:

„לעב, ווי עס וואָלטן דיך שטענדיק באַוואַכט
אויגן פון טויטע בײַ טאָג און בײַ נאַכט".

1951

...און ס'איז געשען אַזוי:
אין אַ מינוט פון ניט-געדענקען,
ווען כ'האָב אַ קאַרש גענומען צו די ליפּן —
האָט די קאַרש
פאַרוואַנדלט זיך אין הייסער קויל און אָנגעצונדן ווערטער.
און אַז די ווערטער האָבן זיך צעפלאַמט אין מיר ווי סמאָלע —
אַרויסגעשפּרונגען זענען פון די ליפּן צוויי געשטאַלטן
מיט פייַערדיקע קרוינען אויף די קעפּ.
זיי האָבן ביידע
אַרייַנגעטאַנצט אין מייַנע אויגן,
האָבן מיך געצוווּנגען
מיטצוטאַנצן,
מיטצולעבן,
מיטצושטאַרבן ווידער
מיט זיי צוזאַמען,
ווייַלע קיין מאָל שטאַרבט מען ניט גענוג...
און בלויז אַ שטערן, אויפגעגאַנגען גלייַכצייַטיק מיט זיי,
האָט צוגעזען ווי ס'פליִיצט אַרייַן מיין גוף, מייַן גייַסט אין ביידן
און אויסגעבליצט די זעונג אויפן זילבער פון פּאַפּיר:

— ווער ביסטו, יונגער מענטש, אַ הוילער, באַרוועסער אין שנייען,
געשמידט אין קייטן און באַוואַכט פון שטאָלענע געשפּענסטער?

— גערענקסטו ניט אַ נאָמען אַלכּסנדר? האָסט געלייענט
פאַר מיר די יונגנטלידער אויף אַ פליט ביי דער ווילִיע.
באַמערקט מיר האָבן ביידע ניט, ווי ס׳האָט זיך אָפּגעריסן
פון שליימיק לאַנגער שטריק דער פליט און איז אַוועקגעשווומען
צום זונפאַרגאַנג...
נאָר דיינע קלאַנגען האָבן אונדז ווי הענט
געראַטעוועט פון דימענטענער קעסלגרוב...
געדענקסטו?

— און דו ווער ביסט, מיט אָפּגעגאָלטן קאָפּ און אויגנפלעקן,
ווי לעכער אויסגעברענט אין אייז? באַהאַלט ניט, זאָג דיין נאָמען!

— כ׳בין מרים, די וואָס האָט פאַר דיר געטאַנצט אַמאָל אין וואַלד
צעווישן דין געשליפענע בעריאָזעס, ווען דער פרילינג
האָט איבער אונדז געשמאָלצן שניי ווי שמייכלענדיקן זילבער.
און דו האָסט מיר געשוואָרן צו געדענקען
דריי ווייסקייטן: פון אַ בעריאָזע, פונעם בלאַנקן שניי
און אויך די ווייסקייט פון מיין לייב דעם שפּיגלדיקן, הייסן.
און שטיל האָסטו אין אויער מיר געזאָגט: ביסט ווי אַ סטרונע
וואָס ציטערט, נאָר זי האָט ניט מורא———
ווייסטו איצט געדענקען?

— כ׳געדענק אײַך בײדן, טײַערע,
און בין אַצינד ניט א י ך:
די זעונג האָט מיך אײַנגעצימצומט אין אַ װײַטן שטערן.
און װען פֿון האַרצן שיסט אַרױס אַן א י ך,
באַװײַזט עס בלױז — ניטאָ קײן אַנדער נאָמען פֿאַר מײַן װײטיק.
און אױב דאָס איז אַ קללה, אַז מײַן הױט און בײן זאָל פֿילן
ס׳גיהנום־פֿײַער, — בענטש איך אָט די קללה.
קינדער מײַנע!
מוזיק פֿון ליבנדיקער יוגנט,
אפשר איז אַ טרײסט,
װאָס אײַך אין לעצטן שײַטערדיקן גורל האָט צוזאַמען
פֿאַראײניקט יענע ליבשאַפֿט מײַנע,
יענע ערשטע ליבשאַפֿט — — — —

ניט פֿרילינג, זומער, האַרבסט און װינטער. נײן, עס איז פֿאַראַן
אין אָט דער װעלט אַ פֿינפֿטער זמן, אַן אומבאַקאַנטער זמן.
אַזאַ מין טױטס באַשאַפֿנקײט, װוּ קינד און פֿרױ, און מאַן
צעפֿאַלן זיך אױף שײַטערן — אין פֿונקען.

זײ זענען שױן געלעגן אױסגעלעבטע... אײן סקעלעט
צונױפֿגעשמידט פֿון הונדערט טױזנט ; נאָר ס׳איז ניט צו שפּעט
אַ צװײטן מאָל צו שטאַרבן אין אַ פֿײַערדיקן בעט —
געבױרן אײן מאָל נעמט דער נ י ש ט נקמה.

קאָן זײַן, די מענטשנפֿונקען די צעבלאָזענע, אױך זײ
גענענדיקט האָבן ניט מיט דעם די טױטן אַלערלײ.
און אױך די ליבנדיקע צװײ געשטאַלטן אױפֿן שנײ
גענענדיקט האָבן ניט מיט דעם די לעבנס.

געשמידט אין קייטן שפּאַנען זיי מיט מתים אויף די הענט
אַהין צום שײַטער, ווי צו בית-המיקדשדיקע ווענט.
אַהין צום שײַטער, ווו אַ מלאך מיט אַ פידל ברענט,
אַוווּ אַליין די שטילקייט איז משוגע.

זיי ביידן — לעצטע פון דער שטאָט — געפונען האָט די שלאַנג
באַהאַלטענע אין הייל פון דער לבנה דאָ ניט לאַנג.
זיי זענען דאָרט געלעגן ווי אין הארצן אַ געזאַנג —
וועט פײַער שמעלצן דעם מעטאַל פון ליבע?

ניין, דאָס זענען ניט קיין טויטע,
נאָר סקולפּטורן אַלטערטימלעכע,
אויסגעהאַקט פון זאַלץ אין אַ געהיימען ריזן-טעמפּל,
צוזאַמען מיטן טעמפּל אײַנגעזונקען אין דער ערד
און אויבן צוגעדעקט מיט שטערן בלינד אַראָפּגעפאַלענע.
לאָמען זעצן אין די שטערן.
לאָמען.
לאָמען.
לאָמען.
שטערן שפּאַלטן זיך אין פונקען,
און די ערד איז אָפן.
אָט אַ זענען די סקולפּטורן,
ס'האָט זיך שווין די ערד
אָנגעזעטיקט און געהאַט הנאה פון דער אויסשטעלונג.
איצטער וועט זיך זעטיקן מיט דעם דאָס רויטע פײַער.

מיט בענטשליכט־פינגער אויף די אויגן שאָקלט זיך  אַ מאַמע.
עמעץ דריקט אין פויסט אַ מעסער.
וועמען וויל  ער טייטן?
אַט — אַ מיידל, אינעם חלום קושט זי דעם געליבטן;
און דערביַי אַ זקן, מיט אַ פינגער אויף דער באָרד,
ווי עס וואָלט דאָ משה מיקל אַנדזשעלאָס פאַרזונקען.
קינדערקעפּעלעך אָן גופן.
בענטשנדיקע הענט.
זילבער־כּלים.
פידעלעך.
אַ כּלה אין אַ שלייער,
אויסגעוועבט פון גראָע פונקען.
אַט איז אויך דער ניגון
פונעם ריזן־טעמפּל: אַ סקעלעטיש לאַנגער ניגון...
אויף די שאָטנס פון דעם אַלעם,
קאַלט און זון־פאַררעכט,
טוליען זיך אומלעבעדיק און בענקען אויס אַ וווּנדער.

— וועמען טראָגסטו אויף די הענט צום פיַיער,
וויַיסע מרים?
איז עס ניט מיַין גוף שוין לאַנג פאַרשוווּנדן פון זיַין צירקל?
מיַינע קאַלטע מירמלגלידער פילן דיַינע הענט.
און דיַין אָטעם, ווי די זעל פון גאָט על פּני המים
שוועבט אויף מיַינע כוואַליעדיקע ריפּן,
אויף מיַין הארץ.

וועמען טראָגסטו אויף די הענט צום פיַיער,
וויַיסע מרים?

טאַנץ דעם טאַנץ פון פײַער
נאַקעט, שטומערהייט.
ס׳טאַנצט אויך דײַן געטרײַער,
אײַנגעשמידט אין קייט.

אין דעם פײַער — זעגן
זעגן־אויף זײַן שטאַם.
ס׳טאַנצן דיר אַנטקעגן
פידלען אויסן פלאַם.

ס׳טאַנצן אויך צוזאַמען
עופעלעך אין בראַנד.
קלעטערן אין פלאַמען
צו אַ צווייטן לאַנד.

איז עס אַטלאַנטידע?
יענע וועלט? אָ, ניין,
אויפקניפּן די חידה
קאָן דער אַש אַליין.

מרים, לעבן פײַער
טאַנץ מיט מיר — בײַנאַנד!
ס׳טאַנצט אויך דײַן געטרײַער
קעגן צווייטן לאַנד...

אַ גאַנצע נאַכט געפּלאַקערט האָט אַ זידנדיקער שײַטער.
געצויגן זיך צום בלאָגעוועלב, דערלאַנגט צו די פּמליות,
און אָנגענומען די געשטאַלט, בײַם שטײַגן, — פֿון אַ לייטער,
וואָס זײַנע שטאַנגען זענען גלאַנציק אויסגעהאַמערט גאָלד,
און זײַנע שטאַפּלען —
אויסגעהאַקט פֿון גליַיִקע רובינען.
אַיעדער שטאַפּל גיט פֿון זיך אַרויס אַן אַנדער אָפּשײַן:
אונטן, לעבן שײַטער, בליצט דער אָפּשײַן פֿון עקידות.
מעסערדיקע גלוסטונג.
צוק און צאַפּל.
ווײַטערדיקער אָפּשײַן —
לעצטער בליק פֿון רב עקיבא,
מעסטנדיק דעם שטח צווישן ווייטיק און א—ח—ד.
און אָט אַ שטאַפּל, וואָס זײַן אָפּשײַן איז ווי אַ געזאַנג
אויסגעלאָשן אויף די קאַלטע ליפּן פֿונעם זינגער.
און ווײַטער, ווײַטער —
ס׳לאָזן זיך ניט אַלע דאָ באַשיידן —
קוואַלט דער אָפּשײַן פֿון אַן אינקוויזיציע אין קאַסטיליע.
כּל-נדרידיקע שטימען.
ווײַסער פֿלאַם אויף שוואַרצע אויגן.
און אָט אַ שטאַפּל
מער נאָך בליציק,
וואָס פֿון זײַן געבלענד
שטראַלט אַרויס די שײַטערדיקע פֿרייד פֿון שלמה מולכו.
אַזוי ביז אויבן:
אָפּשײַנען פֿון פֿנימער, געשטאַלטן,
אויסגעאָטעמט פֿון די אַלע שטאַפּלען די רוביניקע.
נאָר סאַמע אויבן,

אַנגעלענט אַן טויער פון לבנה
און דײַטלעכער פון אַלע —
שפּריצט מיט גאַל דער לעצטער שטאַפּל
און וואַרפט אַן אָפּשײַן פון אַ געטאָ אין צעפלאַמטן פאַרמעט —
אַן אָפּשײַן, וואָס צעשמעלצט די נאַכט ווי צאָרנדיקן קופער.

און זע:
אויס יעדן שטאַנגע שפּיץ פון לייטער, אין דער הייך,
וואַקסט אַרויס אין ווייסטעניש פון הימל אַ באַשעפעניש —
אַ רויטער לייב פון איין שפּיץ,
פונעם אַנדערן — אַ ציגעלע.
ס׳ברומט דער לייב.
די אויגן — צוויי ווולקאַנען-מײַלער — שפּריצן
אין אַלע וועלטן שטורעמדיקע דימענטן.
זיין לייבן-גריווע, אין אַ קרוין פון זונאויפגאַנג, צעטרייסלט
פעלדזן אויף דער ערד,
און ווי ס׳געזאַנג פון ווילדע דונערן
קײַקלט זיך פון צאָרנדיקן לייבנמויל זײַן ברומען.
און ס׳ציגעלע, אַ ציטערדיקס און ווײַס ווי מילך —
סע ברומט ניט, —
מעקעט שטילערהייט אַנטקעגן ברומענדיקן לייב
און — אויסטערליש! —
דער „מע״, ווי אַ געוויין פון אַלע צײַטן,
באַזיגט די ברומעניש פון לייב —
דעם צאָרן פונעם קיניג.

און אויפֿן לייטער
מיט די שטאַנגען אויסגעשמידט פֿון גאָלד,
וואָס הייבן זיך פֿון שײַטערהויפֿן —
קלעטערן די מתים,
און פֿײַער־פֿליגל אָנגעטאָן ווי בלענדיקע מלאכים.
אַלע, אַלע קלעטערן און שטײַגן אויף די שטאַפּלען,
אויפֿגעלעבט פֿון די מחיה־מתימדיקע פֿלאַמען,
ווי ס׳וואָלטן אין די פֿלאַמען זיך געפֿונען די נשמות,
וואָס האָבן זיך געזעגנט אויף אַ ווײַלע מיט די מענטשן.
און אויך די טויטע שאָטנס,
און דער ניגון פֿון דעם אַלעמען —
שטײַגן אויפֿגעלעבטע
צוזאַמען מיט די מענטשן — — — —

און אויפֿן קילן סאַמעט פֿון דעם אַש
צונויפֿגעגופֿטע די פֿאַרליבטע דרעמלען,
און גיבן זיך די קייטן אַ צעקלונג —
איין שטאַפּל פֿונעם לייטער טוט נאָך פֿלעמלען.

און אויפֿן שטאַפּל שאָטנט זיך אַ פּוס —
ביז וואַנען אין אַ וואָלקנדל פֿאַרגייט ער.
און מרים זאָגט: מײַן מאַמע! יאָ, זי לעבט,
אַרויפֿגעשטיגן איז זי אויפֿן לייטער.

און אלכּסנדר צערטלט זי אין גליק:
— דײַן מאַמע לעבט. אין לעבן אונדזער גלויבן.
און אויך מײַן שוועסטער לעבט אין יענעם לאַנד,
איר כּלה־שלייער וואַרפֿט זי דיר פֿון אויבן.

1950

א

ווען איר זינגט הללויה אין פורפל און זייַד,
שיפּלט צו מיר פון די יַמיקע דנאָען
ס׳פאַרהוילענע גרויליקע אויג פון דער צייַט:
— אָ, ברידער, זייַט גרייט צום נסיון.

פון זינט דאָס געוועזענע שלייַפט זיך אין מייַנע געדאַנקען,
זע איך אַנטפּלעקט ווי די צייכנס פון האַנט,
אַ טאָג פון נסיון וואָס קומט מיט אַן אימהדיק בלאַנקען;
אַ טאָג פון נסיון וואָס קיינעם איז נאָך ניט באַקאַנט.

צעהוידע איך קלאַנגען ווי צונגען פון גלאָקן:
— זייַט גרייט צום נסיון אויף ב אַ ל ד!
אויסמייַדן וועט אים ניט יִנגל און זקן,
אַפילו דייַן חלום וואָס בלאָנדזשעט אין וואַלד...

ב

געקענט האָב איך מענטשן מיט שיינע נעמען,
שטאָלענע בויערס פון אַלע סיסטעמען.
פּאַציפיסטן „אין בלוט",
וואָס טשעפּען אַ פליג איז געווען אַ העזה,
און אַזוינע, וואָס האָבן געקניט פאַר שפּינאָזע.
פּאָעטן, וואָס האָבן געשלונגען שעקספּירן
און געסיליעט פּאָעזיע
ווי אַ שנירל טויען —
זיי אַלעמען האָט געטאָן אַ קניפּ
דער נסיון —
און געשטעלט צום נסיון.
ווי אַן אַרבל אויף דער אַנדער זײַט —
זיי אויסגעקערט אין געציילטע שעהן.
אַנשטאָט אַ שמייכל צו אַ קינד
האָבן זיי גענומען וואָיען.
עס הענגט שוין אויפן וואַנט אַ געץ
אַנשטאָט דעם אַמסטערדאַמער גאון.
מע שרײַט: „זאָל לעבן!" צו דעם טויט,
און בויען תּליות טוט מען בויען.
זיי אַלעמען האָט געטאָן אַ קניפּ
דער נסיון —
און געשטעלט צום נסיון.

ג

פעלדזיק און טאָליק,
היינטיק־אַמאָליק
איז די ייִדישע מאַפּע
אין גאַנצענער וועלט.
ווען אויבן אַ חתונה —
קלאָגט פונעם טאָל אַ הזכּרה.
ווען אַ ציגעלע מעקעט אין יעקבֿס געצעלט —
ווערט געבוירן אַ וואָלף
אין אַ גיפּטיקער נאָרע.

אַפילו דעם אייגענעם האַרץ ניט געטרויען —
זייט גרייט צום נסיון!
אַוווּ נאָר אַ ברודער, געמיזרחט, געצפונט —
זייט אַלע באַוואָפנט!

1950

דאָס געריַיט אונטער שנייִיקע צוויַיגן

דאָס געריַיט אונטער יאָדלענע שנייִיקע צוויַיגן,
די סקולפּטורן פון אָטעם געהאַמערט אין ווינט;
אָנגעצונדענע פערד אין גאַלאָפּיקן שטיַיגן
מיט די פּאַדקעווע-זונען דורך וועלדער, געשווינד,
איבער וועלפישע צייכנס אין שניי ווי אין לאַווע
און געמישטע צוזאַמען מיט מענטשישע פּיס...
און דאָס מעסער, וואָס חלומט פון ברויט, אין כאַליאַווע,
און די שטילקייט פון שטילקייט וואָס בליַיבט נאָכן שניט
אומבאַזונגענע זומפּן ווו ס'ליגן באַהאַלטן
מיַינע קלאַנגען-לעגענדעס באַצויגן מיט פיַיער;
פּאַרטיזאַנער! אָ, וויַיטע, פאַרשנייטע געשטאַלטן — — —
לזכּרון אַן אָפּקלאַנג פון דעם וואָס איז טיַיער.

ווער איז גאַניאָנסקי? דו פרעג די בעריאָזע
צעווינטיקט בײַם נאַראָטש* מיט מיידלשע אויגן.
לבנהדיק בליט זי אַ פינקלדיק ראָזע,
ווי ס׳מיידל וואָס האָט זיך אַהינצו געצויגן.
געצויגן, געצויגן, אַ פאַל און אַ קלעטער,
נאָר ס׳האָבן צום שׂונא באַגלייט זי פאַררעטער.

אומעטיק זינגען מיר שטיל אין זעמליאַנקע,
צעמעסערט דעם ניגון איר קול פון די ווײַטן.
גאַניאָנסקי באַפליגלט די מידע און קראַנקע — — —
באַזאָטלען מיר פערד מיט לבנות און רײַטן
צוזאַמען — באַזונדער, אויף בלינד, אָן סימנים,
אַהין ווו דאָס קול האָט אַ לעבעדיק פּנים.

רויטע, צעהיצטע די פערד, און זיי שלאָגן
מיט פאַרע פון זודיקן באָרשט. ווען עס פּלאַצן
די הערצער בײַ זיי — דעמאָלט יאָגן מיר, יאָגן
אַליין אַנשטאָט פערד אין די וועלדערם פּאַלאַצן.
די זון! — אַ צעפליקטע אין וועלפישע נעגל...
און ס׳גליט אויפן אײַזדעק פון נאַראָטש אַ שטעגל.

* נאָמען פון אַן אָזערע אין ווייסרוסלאַנד.

מיידלשע פיסטריט באַזוימטע מיט פונקען...
בײַם שטעגל אַן עפענונג ביז צו אַ כוואַליע.
פֿאַרשפעטיקט... אַ נאַקעטע מ׳האָט זי דערטרונקען.
גאַניאָנסקי ! מיר גיבן אין שניי זיך אַ וואַליע
און טרינקען פון אָזערע אײַזוואַסער קאַלטן,
און פילן דאָס מיידל וואָס ליגט דאָ באַהאַלטן...

## דענקמאָל נאָך אַ פערד

אַזאַ פערד מיט אַ רויטער נשמה
און מיט אויגן ווי צוויי סאָלאָווייען,
האָט אַנטפלעקט זיך אין וואַלד ווי אַ מלאך
און געבליבן אָן אָטעם — אין שנייען.

לאָמיר געדענקען דעם פערד,
איידער די שנייען צעגייען.

ס'האָבן וועלף ניט געקאָנט אים דעריאָגן,
און פאַרבלענדן — די בלאַנקע זאַווייען,
ביז דעם ריַיטער, דעם נאַקעטן יִינגל,
אונדז געבראַכט פון דעם שׂונאס אַרמייען.

לאָמיר געדענקען דעם פערד,
איידער די שנייען צעגייען.

האָט דער ריַיטער געקניט לעבן רעטער,
ווי זיי וואָלטן געחלומט אין צווייען...
און געקנאָטן אים שפּעטער אַ דענקמאָל,
אַזאַ פערד אויסגעקנאָטן פון שנייען.

לאָמיר געדענקען דעם פערד,
איידער די שנייען צעגייען.

און געזען האָבן אַלע דעם וווּנדער,
ווי די רויטע נשמה פון טויטן
איז אַרײַן אונטער שנייִיִקע הויטן —
אינעם פערד, וואָס געקנאַטן פון שנייען.

לאָמיר געדענקען דעם פערד,
איידער די שנייען צעגייען.

— גליקעלע, גליקעלע, גלעקעלע גאָלד,
וואָסער קרומשפּיגל פון גליק אין דײַן נאָמען!
ווער האָט, אַ קינדעלע מײַנס, דיך געזאָלט
שלײַדערן ביינדעלעך דײַנע אין תהומען?
דאָ, בײַ דעם שײַטער אין ליימיקער הייל —
גליקעלע, האָב ניט קיין מורא, דערצייל.

— דעמאָלט, געוועזן איך בין נאָך אַ קינד,
זיבן, יאָ, זיבן... נאָר אַלץ איז אַהינטער.
מאַמע אַ שניי איז געוואָרן. אַצינד —
איז שוין פאַרגאַנגען אַ גאַנצענער ווינטער.
מאַמע אַ קוש געטאָן: גליקעלע, גיי — — —
מאַמע אַ שניי איז געוואָרן, אַ שניי.

שוואַרצע לבנה. און שטילקייט. און קאַלט.
שוואַרצע לבנה. פאַרבלאָנדזשעטע ביימער.
זילבערנע וועלפעלעך קלינגען אין וואַלד.
(מאַמע אַ שניי און אַ שניי און אין שניי מער).
פאַל איך צעווישן די ביימער און טראַכט:
גליקעלע, זאָל דיך באַשיצן די נאַכט.

גיט מיר אַ יאָדלע מיט שניי אַ באַשאָט:
— גליקעלע, גליקעלע, קום אויף די צווײַגן!
האָב איך פאַרשטאַנען: דער בוים דאָס איז גאָט — — — —
און אויף די אַקסלען גענומען אים שטײַגן.
הויך, בײַ דער קרוין, זיך געשפּונען אַ נעסט.
פייגעלעך זענען געקומען אין געסט.

פייגעלעך האָבן געקושט מײַן געוויין,
יעדער געברענגט אַ מתּנה אין שנעביק.
— ציטער ניט, גליקעלע, ביסט ניט אַליין — — — —
בין איך געוואָרן אי מונטער, אי שוועביק.
אַלינקע צווימשערלעך ליב און געטרײַ
האָבן געלערנט מיט מיר צווימשערײַ.

וואָלט ניט געצונדן אַ פײַער די נעסט —
וואָלט איך געצווימשערט מיט פייגל צוזאַמען.
ס'האָבן שוין פליגל באַצאַפּלט מיך, זעסט?
וואָלטן מיר שוועבן, געפינען דער מאַמען.
— גליקעלע, גליקעלע, ס'וועט דײַן געזאַנג
צווימשערן לאַנג אין מײַן האַרצן, לאַנג־לאַנג.

אין קליידער אָפּגעסמאַליעטע איז ער צו אונדז געקומען.
אַ ברענענדיקע קלויז
האָט זיך געגלאָזיקט פון זײַן גומען.
און ווי אַ וואָלקן וואָס פאַרשטעלט אַליין זיך — האָט זײַן שטימע
פאַרשטעלט די טעג.

— ס'איז מײַן פאַרמעג
אַ חלף אָן אַ פּגימה.

מיטן חלף אין די ציינער
שלאָפט ער אין די זומפּן.
מיטן חלף טאַנצט ער איינער
אין די זומפּן,
זומפּן,
אַזאַ טאַנץ פון כּולו גלוסטונג
צו זײַן טויטער כּלה,
ביז עס פאַלן רויט-געהאַלדזטע
אַלע שטערן, אַלע.
מיטן חלף שרײַבט ער לידער
אויף די שנייען קלאָרע;
מיטן חלף, צווישן פוקסן,
לויערט אין אַ נאָרע,
ביז דער מערדער פון זײַן כּלה
וואַקלט צווישן בלעטער.
און ער ווישט אָן זײַן טשופּרינע
אָפּ דעם חלף שפּעטער...

עס לייענען וועלף אין דעם טאָגבוך פון שניי:
געגאַנגען דאָ ביטערע קאַמפן...
און עמעץ קומט אָן מיט אַ שיינעם טראָפּיי —
אַ שטיוול בראַנפן.

באַפאַלן אים צענדליקער מײַלער געשווינד
און ציִען צום שטיוול, אַלץ העכער.
און ס'בראַנפן מיט סטרונעס מיט זילבערנע רינט
פּאַוואָליע פון זײַנע לעכער.

שוין איין מאָל אַ שטיוול — אַן אמתער קוואַל,
נאָר ס'קאָנען אים צינגער פאַרשטאָפּן...
ס'וואָלט יעדער גענומען צו הילף אַ קינזשאַל,
אַבי צו באַקומען אַ טראָפּן.

— קאָמאַנדיר,
עס פלאַקערן די ליפּיטשאַנער וועלדער,
און אויך די שטשאַרע *
וועט צעגיין ביז נאַכט.
באַפעל! קוים איז דער אײַזדעק ניט צעגאַנגען,
האָבן מיר אַן אויסוועג אין דער שלאַכט.

נאָר דאָקטאָר אַטלאַס,
צוגעוווינט צו אומגליק און סענסאַציע,
אין אַ צווײַגנשטיבעלע, וואָס בליצט
מיט סמאָלע־טראָפּנס,
ענטפערט קאַלט:
— ניט איצט,
וועל ענדיקן צו ערשט אַן אָפּעראַציע.

אַנגעטאָן אין פּעלצל,
ווי עס וואָלט פון זײַן געביין
אַ קאַלב אַרויסגעוואַקסן —
ליגט אַ פּויערל און אויקעט.
אָנגעשטאָפּט מיט שניי זײַן ליולקע
שטעקט זי פון די ציין
ווי אַ לײַדן־אָפּציִער,
און ס׳וואָלט דאָס פּויערל ניט אָפּגעגעבן
די ליולקע — גאָט אַליין.

* נאָמען פון אַ טײַך אין ווײַסרוסלאַנד.

דאָקטאָר אַטלאַס וויל אים ניט פּאַרטונקלען
דעם גענום.
דערנעבן שטייט ער אויף אַ קני,
און ס'קיניגט אויפן צווייטן
דעם פויערלס אַ פוילנדיקער פּוס.

דאָס האַלבע גלעזל פון דעם דאָקטאָרס ברילן
בלישטשעט ווי אַן איַיזצאַפּן אין זונפאַרגאַנג.
דער פּוס,
איַינגעשמידט אין שטיוול מיט דער מזלדיקער פּאָדקעווע
קאָן זיך מיטן שטיוול ניט צעשיידן.

— קאָמאַנדיר,
ס'וועט באַלד געשען,
מיר זענען צ ע ן
און זיי...

ער לאָזט ניט ריידן:
— מוליע, וואַש די זעג מיט שנייו
און היים די יונגען צוגרייטן די סוסים.

עס פלאַקערן די ליפּיטשאַנער וועלדער,
וויי, וויי.
דאָס פויערל בײַסט גרימיקער זײַן ליולקע,
וויי, וויי.
און דאָקטאָר אַטלאַס אָטעמט אָפּ
און זעגט אַראָפּ
דעם פּוס אים.

צען פערד אין גאַלאָפּ.
דאָקטאָר אַטלאַס — פּאָרויס
מיטן פּויער צוזאַמען —
אַ וואַרע!

און ס׳קלינגען די פּאַדקעווע-זונען
זינג-זאַנג,
איבער דעם אײַזיקן גאַנג
פון דער שטשאַרע.

— „הונגעריקע! לאָמיר קלײַבן
שוואַרצע יאַגדעס אין דער נאַכט".
ס'איז אַן אײַנפֿאַל צו פֿאַרשרײַבן:
שוואַרצע יאַגדעס אין דער נאַכט?

פֿינצטער. בלויז די געלע סאָווע
שפּילט אין קאָרטן מיט דער נאַכט.
אין די וועלדער די יאַדלאָווע —
שוואַרצע יאַגדעס ווי די נאַכט.

אײַנגעבויגענע אין דרײַען
צו די יאַגדעס פֿון דער נאַכט,
גייט אַ מחנה מיט כּלי־זיין
קלײַבן יאַגדעס אין דער נאַכט.

מענטשן, אײַנגעוווינט צו ט י י ט ן —
קניִען פֿאַר אַ גראָז בײַ נאַכט.
ווײַל עס צויבערן ווי פֿלייטן
שוואַרצע יאַגדעס אין דער נאַכט.
און די גליווערעס באַגלייטן,
און די געלע סאָווע — לאַכט.

זאָל דוכטן ס׳איז דעמאָלט. אַלץ איינס וועט די דאָזיקע
אָנציײַטיקע ציײַט אין געדאַנק ניט פֿאַרגיין מער.
זאָל דוכטן ס׳איז דעמאָלט. אין שנײַדיקע, גראָזיקע,
געשליפֿענע זומפּן, — עס טרינקען זיך ביימער.

אַ נאַקעטער ליג איך אין זומפּ אַ פֿאַרזונקענער —
אַ פֿליישענער גלאָק, וואָס אים חלומט זיך פֿליגל.
דערנעבן — אַ מיידל. אין אָוונט די זון קען נאָר
אַ גאָלדיק טאָן עפּעס אַזוינס אין אַ שפּיגל.

— הער אויס, מײַן געטרײַע, ווי לאַנג מיר׳ן צערטלען זיך
וועט בלינד זײַן דער שונא, ניט קאָנען אונדז פֿאַנגען.
זײַן גיפֿטיקע שׂינאה אַליין וועט צעפּערטלען זיך,
און מיר וועלן איינער דעם צווייטן באַלאַנגען.

כ׳דערקען דיך ניט ליבסטע... מיט אײַז נעמען גלימצערן
די זומפּן, ס׳איז קאַלט, לאָז באַקושן די פּיס דיר.
דו צאַנקסט פּיאָלעט מיט אַ שמייכל פֿון גרימצאָרן,
עס לויפֿן אַוועק דײַנע ליפּן, וואָס איז דיר?

דו הונגערסט מעת־לעתן! באַדאַרף מען דיך זעטיקן:
מײַן האַנט, אָט דאָס רויע שטיק פֿלייש, — טו זי עסן!
וועל צערטלען מיט איינער. דו זע ניט פֿאַרשפּעטיקן.
געשמאַק? האָב מײַן אייגענעם טעם שוין פֿאַרגעסן.

דו ווײנסט? צי באַלײדיקט, ניט שווין זשע, דיך אומגערן?
לאָז מעסטן דײַן חבר די טיפקייט פון לײדן!
ווען זינגעוודיק זעטיקן ס׳פלייש וועט דײַן הונגערן —
בלויז דענצמאָל וועסט קאָנען די מאָס מיר באַשיידן.

— ניט אָנרירן וועל איך דײַן פלייש — נעמט זי פיבערן,
צי ביסטו בײַם זינען? שווין צערטל מיך בעסער...
און פלוצעם: אַן אָקס האָט באַוויזן זיך איבערן
באַצויגענעם זומפּ, דעם געשמידטן געוועסער.

אַן אָקס אין געלאַטעטן קאַרשנרויט, גאָט מײַנער!
עס ברענען די הערנער מיט גאָלד פון שטורקאַצן.
פון קרײַטעכצער־פּענטעם דערלאַנגט זיך דער טראָט מײַנער
אַ יאָג, אַז דער בלומען־קרישטאָל נעמט צעפּלאַצן.

פון וואַנען אַן אײַזן אין פּויסט בײַ מיר צוגעגליט?
ס׳פאַרהונגערטע אײַזן אים טרעפט אין אַ האָרן!
דער אָקס אַ געפּלעפּטער, אַן לשון, משוגע גליט.
דאָס אײַזן אין פּויסט איז פאַרגליווערט געוואָרן.

זײַן צונג, ווי די מיידלשע ברוסט אַזאַ ראָזיקע,
נעמט לעקן די טראָפּנס גערונען פון האָרן.
פאַרמענטשטע די אויגן! פון וואַנען די דאָזיקע?
דאָס אײַזן אין פּויסט איז פאַרגליווערט געוואָרן.

די מענטשלעכע אויגן בײַם אָקס ווערן אָפענער,
און איך אין די אויגענעם — קליין ווי אַ יאַגדע.
אַ גרינער זיגזאַג ווי פון בליץ אַן אַנטלאָפענער
צעזעגט מיר דעם שאַרבן. אָ, גרינער זיגזאַג דאָ!

מיט שטומקייט ווי זונפאַרגאַנג רעוועט ער שווײַגנדיק
צום טאַקט פון מײַן פנימס באַוואָלקנטע פחדים.
אַ שטומקייט, צום עלנט פון מענטשן דערשטײַגנדיק:
— אויף וועמען פאַרמעסטו דײַן אײַזן, בן־אדם?

ווי דו — איך באַהאַלט זיך אין זומפּ אין דעם יעניקן,
באַהאַלט זיך פון זעלביקן שׂונא שוין וואָכן...
אַנטרונען קוים־קוים פון מײַן דערפל דעם ברעניקן,
הלמאי האָסטו, גזלן, מײַן האָרן צעבראָכן?

און איידער וואָס־ווען — אין אַ ווילדער פאַרביטערניש
(און אפשר אוים ליבשאַפט) דער אָקס — אין געלאַפן
אַנטקעגן דער מיידל, וואָס פינקלט אין ציטערניש,
די מיידל וואָס קאָן אויך די שטערן פאַרשקלאַפן —

דערלאַנגט זי אַ הייב אויפן איינציקן בלענדיקן
געצונדענעם האָרן און — ביידע ניטאָ מער.
פאַרשווינדן אין פּורפּורנעם וואַלד אין אומענדיקן.
דער זונפאַרגאַנג טאַנצט אויף די זומפּן אַ לאָמער.

1950—1948

1

מיר איז אומעטיק און גוט,
ווי ערב מײַן געבאָרן.
אָפּגעגאָפּלט פון זכרון,
ווי אַ רויז אין וואַזע,
קושט זיך מיטן זונפאַרגאַנג צונויף
מײַן עולם־הזה.
הײַנט האָב איך צעשניטן זיך אומישנע
מיט אַ שטיקל גלאָז מײַן האַנט,
געוואָלט זיך איבערצײַגן,
צי דער גאָלדשמיד פון יסורים
האָט נאָך זײַן טאַלאַנט.
— געזען אַז יאָ
האָט ביזן סאַמע דנאָ
אַ זעלטן גליק באַצוווּנגען מײַנע גלידער:
— גוטנאָוונט גראָזן, אַ גוטנאָוונט ווידער!

2

ווי אַנגעדרייטע זייגערלעך, וואָס גייען, טיקן, זעגן,
אין היפּוכדיקן ריטעם —
אַט אַזוי פון וועגן־שטעגן,
די שפּילעניש פון גרילן.

לייג איך צו מײַן אויער נענטער, נענטער.

דערווײַלע טוט מיך אינעווייניק פרעגן
אין אַ רגעם הונדערט־חלק
ווען עס בלײַבט אַ פּויזע
צווישן זעג און זעג — אַן אומבאַקענטער,
וואָס איך קאָן ניט אָנמאָלן זײַן אויסזע:
— ס׳געפעלט דיר? — גוט.
נאָר וועלכע האַנט,
אַ שטייגער,
האָט אָנגעדרייט די גרילן ווי אַ זייגער נאָך אַ זייגער?

פאַלט אַראָפּ פון העלער הויט אַ וואַנט,
אַ שוואַרצע וואַנט,
איך הער שוין דעם קאָנצערט ניט.
אַן אויגנבליק: דאָס גראָז אַפילו ווערט ניט.

ענטפערט מיר דער אומבאַקענטער: כ׳וועל עס דיר אַנטהילן.
ס׳איז די זעלבע פּישופדיקע האַנט,
וואָס דרייט דיר אָן די ווערטער, די געפילן.
די זעלבע האַנט פאַר דיכטער און פאַר גרילן.

אַנטפּלעקן זיך אויף ס׳נײַ די גראָזן, קרײַטער,
און די גרילן־זייגערס גייען ווײַטער.

3

די האַנט פון פּאָעט איז מיר שטענדיק אַ וווּנדער.
די האַנט פון פּאָעט איז אַ מ ע נ ט ש, וואָס באַזונדער
געדיייעט ער, וואָרצלט אין גופיקע תהומות.
אַ קאָרשנבוים עפנט זיין פּאַלאַץ פון בליט,
די האַנט פון פּאָעט זי ווערט אויבעט צעבליט
מיטן בלוט פון חלומות.

4

דאָס אָפּגעדרוקטע ליד איז אַ בעל-טענה:
אַנשטאָט געזאַנגיק בין איך איצט פּאַפּיריק.
אַמאָל האָב איך געלעבט אויף ליפּן דיינע,
אַצינד מיין שאָלעכטס איז דיין פיינסטע ליריק.
אַמאָל אַ שלאַכטפעלד איז געווען מיין ניגון, —
אַצינד אויף זעלבן שלאַכטפעלד ביידע ליגן.

5

די ליפּן קני̇ען פאַרן וואָרט דעם אָפּגעזונדערטן און מאָנען:
„הלמאי געלאָזן אונדז אַליין, מיר זאָלן זינגען מער ניט קאָנען?
צו וואָס די פליִעניש צו גאָט? אז אָן דײַן זוניק ליכט — ווי בלעטער
פאַרוועלקן מיר און וועפּן אויס אין גאָרנישטקייט אין פיאַלעטער!
אַ קיניגין פון בינשטאָקס מויל, אַרויסגעפלויגן און ניטאָ מער —
אַזוי ביסטו פון אונדז אַוועק אין רעגנס תאוותדיקן יאָמער.
אין ווינקלען אונדזערע ווי אַש, — די מענטשנקינדער צאַנקען, צאַנקען:
באָטעם זיי מיט דײַן געפלאָם, באַלעב דאָס לעבן מיט געדאַנקען!
דײַן היים, וואָס בלאַנדזשעט אויף דער ערד, ווי דו — איז קיין מאָל ניט געשטיגן,
מיר וועלן זינגען שטומערהייט, זאָלסטו קומען וועדליק אונדזער ניגון".

די ליפּן אָפּגעשיידט פון וואָרט, — זיי מאָנען, זוכן אין דער פוסטקייט
אַ מינדסטן פליגלפאָך אין ווינט, און צאַנקען אויס אין אומבאַוווּסטקייט.

6

אַזוי ווי אַ סקולפּטאָר מיט בליציקן דלאָט
אין גלוסטיקע שרעקן —
עפנט אַ שטיין צו אַנטפּלעקן זײַן סוד
און גלײַכצייטיק ס'אייגענע פּנים אַנטפּלעקן —
בין איך צום אייגענעם גוף אַ געקייטער,
האַק פון אים אויס מײַן געשטאַלט ווי אַ צווייטער
מעת-לעת נאָך מעת-לעת.
און דערבענק זיך צום נס,
ווען לעבעדיק וועט זיך אַ הייב טאָן אַ מוסקל, אַן אָרעם, —
אַלטיפסטע מוזיק פון געשאַפענע פאָרמען. פאַרגעס
אַז פאָרעם פון אורבאַשאַף ד אָ ס איז די פולקומע פאָרעם.

7

„קוק אויף די שטערן, טו גאָרנישט"
נאָר קוקן אויף שטערן הייסט: גאָרנישט?

אָדערן ציִען זיך אויבן,
זייגן ווי בינען פון גריקע —
זייער פאַרלוירענעם גלויבן,
אַלע געדאַנקענס יניקה.

סאַראַ געזאַנג די אַנטהילונג
פונעם ביז איצט ניט־דערקענטן!
סאַראַ פּלאַנעטישער פּרילינג —
אויפשטויס פון צוויי עלעמענטן!

8

אויסער־מענטשיש מילב צו מילב רעדט,
אויסער־מילביק הער איך צו:
ס'איז מײַן שטומקייט זייער צילברעט.
לידער פּײַניקן מײַן רו.

אויסער־אויגיק זע איך, שנירל
פון די שאָטנס טרער נאָך טרער.
שווער צו זײַן אַן אבן גבירול,
אָבער ניט־זײַן — אויכעט שווער.

9

עס האָט געלוינט, אָן ספק,
איבערשווימען דעם סמבטיון
צו זען די געלע פלוים.
נאָר וואָלט, למשל,
אַ פעלדזנראָב ניט אָפּגעפּיקט פון איר
אַ פּיצל שאַרבן,
און ס׳וואָלט ניט אָפּגעקלאַפּט פון איר
אַ בלישטשענדיקער יאָדער —
וואָס זשע וואָלט מיר אָנגעגאַנגען
יענע געלע פלוים,
אַפילו ווען דער גאַנצער בוים
אויף איר איז אָנגעהאַנגען,
ווי אַ גרינער בגד אויף אַ נאָגל ?
ס׳וואָלט דעמאָלט ניט כּדאַי געווען דער וואָגל.

די געלע פלוים דערמאָנט אָן מיר אַליין,
עס קלאַפּט צעווישןביידן אַ צוזאַמענדיקער אָדער :
וויפל ס׳זאָל דער פעלדזנראָב ניט פּיקן מײַן געביין,
וועט ער ניט קאָנען אויפזיגלען מײַן בלישטשענדיקן יאָדער.

10

דינער פון אַ נאָדל שטעקט אַ נאָדל פון מײַן האַרץ.
אָנגעסמטע איר שפּיץ מיט ניט־דערפינקלטע באַגערן.
אויף איר שפּיץ — אַ פּיסל פון אַ טענצערין, אַ צאַרטס,
און דאָס פּיסל דרייט זיך אין אַ קאַראַהאָד פון טרערן.
— טענצערין, ווער ביסטו?

אַרום נאָדל שפּיגלט זיך דאָס ציטערלײַב, און שטיל
פונעם פּיסל ריטעמט אַ געזאַנג אין מיר אין תענוג.
— טענצערין, אַז אויגנבליק די שלייערן אַנטהיל,
אייביק זאָלסטו טאַנצן אויף דער נאָדל, טאַנץ און פּײַניק!
— טענצערין, ווער ביסטו?

קענטיק איך האָב אויפגעוועקט איר טאַנץ מיט מײַנע רייד.
ווי אַ הינד איז איבער בערג די טענצערין אַנטלאָפן.
אויף דער נאָדל האָט זי מיר געלאָזן בלויז איר קלייד,
זי אַליין — אין זוניקע אין־סופן!
— טענצערין, ווו ביסטו?

11

ווּ איז פאַרשוווּנדן מײַן שנייִיקע שויב,
די, ווּ עס וואָרקעט אַ ייִדישע טויב?
ס׳קיניגן דאָרט מײַנע אַלע פאַרלאַנגען,
אָבער ווי קאָן מען אַהינצו דערלאַנגען?

ס׳וואָגלט מײַן טאַטע אין שויביקן וואַלד,
באַלד וועט ער קומען צום שטיבעלע, באַלד.
גילדענע שבת־ליכט בליצן פון שניי דאָ, —
זון הינטער טאַטע און טאַטע נאָך זיידע.

אייעלעך־שטערן נעמט לייגן די טויב.
ס׳גלעקלט אַ וואָגל־נשמה אין כאַטע.
ווּ איז פאַרשוווּנדן מײַן שנייִיקע שויב,
די, ווּ עס אייביקט מײַן וועלט און מײַן טאַטע?

12

איידער כ׳וועל מיט שאָטן זיך באַהעפטן —
ענטפערט, גראָזן, אויף אַ קליינע שאלה:
צווישן אַלע אײַערע געשעפטן,
קלערט איר וועגן מענטשן אויך אַ ווײַלע?

13

אַז מע רעדט שוין וועגן מענטשן, הערט:
כ'האָב געלייענט דאָ־וועגן דעם קאָראַן.
ס'איז דאָרט פֿאַראַן
איין פּסוק ווי אַ שווערד,
וואָס זאָגט אַזוי:
„די רשעים וועט מען אין גיהנום
(דאָס וועט בלײַבן אייביק זייער היים),
ווי אַן אָפּקום, אײַנשמירן די פּנימער
מיט ברענעדיקן שוועבל און מיט ליים,
אַז איינער וועט צום אַנדערן זײַן ענלעך,
און פּנים וועט אַ פּנים ניט דערקענען מער".

אַזאַ מין אָפּקום: בלײַבן אומפּערזענלעך!
אָט דעם פּסוק וועל איך ניט פֿאַרגעסן.

האָב מורא, אַז די זעלבע שטראָף זי וועט
אָנגעמאָסטן, ווי מיר, אויף דער ערד
און טאָקע אין די הײַנטיקע מעת־לעתן.

14

אַז איר זאָלט קאָנען ענטפערן,
אַז איר זאָלט קאָנען פרעגן, —
מוז איך קודם זיך פאַרוואַנדלען אין אַ ווילדן רעגן,
דעמאָלט וועט איר איינזאַפּן ביז ווייטיק מיינע טראָפּנס.

צום ווידערזען
אין צימערל,
אין חלום מיינעם, גראָזן.
צום לידערזען
אין שימערל,
וואָס איך האָב אייך געלאָזן —
און פאַרגעסט ניט אויפבליִען אַמאָל ביי מיין צוקאָפּנס.

1948

# אינהאַלט

## שהחיינו



## ווו שטילקייט ראַנגלט זיך מיט שוויַיגן

לידער פון נגב



## ירושלים



## די קאַרש פון דערמאָנונג

אַקאָרדן פֿון שטאָלצן וואַלד



## אַ בריוו צו די גראָזן